משה סטראָגאַטש

# אויף זוניקע וועגן

לידער און פאַבלען

איקוף פארלאג

אין ליכטיקן אָנדענק
פון מיין פֿאַרשטאָרבענער שוועגערין,
דעם שיינעם, גייסטרייכן מענטש —
בלומע פײַנשטיין

## ביכער פון משה סטרוגאַטש

לידער פון נעכטן און היינט — — — — — — — — — — — — 1922

דער לעצטער פּרינץ — פֿאַנטאַסטישע מעשה — — — — — — — 1952

אין העלן טאָג — קינדער־לידער — — — — — — — — — — — — 1960

אויף פליגלען פון צייט — לידער און באַלאַדן — — — — — — — 1962

ביאָגראַפֿישע און ליטעראַרישע איינצלהייטן וועגן מחבר געפֿינען אינעם
„לעקסיקאָן פון דער נייער אידישער ליטעראַטור״, באַנד זעקס.

# צו מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג

עס מאַכט די עלטער מיך ניט מיד
און כ'פיל גאָר ניט, ווי עס גייט אַוועק דער טאָג —
מיט פרישקייט נאָך איז אָנגעזאַפּט מיין ליד
און כוחות שאַפנדע אין זיך נאָך איך פאַרמאָג.

קלאָר און לויטער נאָך איז מיין געדאַנק,
דורכזיכטיק ווי לויטערער בורשטין —
פרעמד איז מיר דאָס זיצן פאַר־זיך אויף אַ באַנק
און טראַכטן פונעם לעבן: צי עס האָט אַ זין?

עס איז מיין אויג נאָך פול מיט צאַפּל,
מיט ציטער אָנגעפילט מיין יעדער ריר —
איך פיל, אַז ווייט איז נאָך דער לעצטער שטאַפּל
און ס'טראַכט נאָך ניט דער טויט פון מיר.

עס איז די צייט אַזאַ ווי קיינמאָל נאָך געווען:
אַ נייער אָנקום אין דער לופטן שוועבט! —
ווער דעם גרויסן היינט באַנעמען קען,
כוחות פרישע פון אים טעגלעך שעפּט.

עס מאַכט די עלטער מיך ניט מיד
און כ'וויים גאָר ניט, וואו עס קומט די צייט אַהין, —
עס זינגט דער טאָג זיין גרויסע ליד
און ס'איז דאָס לעבן פול מיט זין!

15טער מאַי, 1962

# אין אַ זײַט פֿון װעג

עס האָט די צײַט מיך ניט געביטן,
ניט אױסגעקרימט מײַן אָנגעצילטן גײַסט —
אירע נעצן איך האָב אױסגעמיטן,
װיפֿל נאָר זי האָט זיך ניט געפּלײַסט.

אין אַ לאַנד איך לעב, װאָס דינט צו געצן —
פֿון זײ דער גרעסטער איז דער געץ פֿון גאָלד! —
זײַן מאַכט איז שטאַרקער פֿון געזעצן,
אַלע װענט מיט אים באַמאָלט.

גלאַנץ און רײַכקײט איז זײַן העכסטע לערע,
אָנזאַמלונג — זײַן גרעסטער אידעאַל;
גיריקײט און דורשט צו אײַנשלינגען װאָס מערער,
גאָלד באַזיצן — גאָר אַ שלל.

פֿון אַלע װענט עס שרײַען אױסגעקלעפּט אַפֿישן,
װינקען יעדערן און רופֿן אױף זײַן שפּראַך:
— מאַך די אױגן צו און זינדיק נאָר אַ ביסל,
װעסטו רײַכקײט האָבן, רײַכקײט גאָר אַ סך...

נאָר אין אַ זײַט בין איך פֿון װעג געשטאַנען,
זײער רוף כ'האָב הערן ניט געװאָלט —
כ'בין קײנמאָל ניט געװען מקנא
די װאָס זאַמלען פּעסלעך גאָלד.

אָפּגעזאָגט זיך כ׳האָב דעם געץ צו דינען,
ס׳האָט זיין גלאַנץ מיך ניט פאַרבלענדט;
ערלעך כ׳האָב געזוכט מיין ברויט פאַרדינען,
מיטן שוויים פון מיינע הענט.

כ׳האָב קיין זילבער און קיין גאָלד,
און ערלעך, פיל איך, איז מיין געוויסן, —
כ׳האָב מיט באַקוועמלעכקייט געצאָלט,
דערפאַר פון רואיקייט כ׳קאָן איצט געניסן...

12טער יוני, 1962

# ווי ווייט איז נאָך די צייט?

ווי ווייט איז נאָך די צייט, ווען ס'וועט
איעדער איינער האָבן עסן צו דער זעט,
אויף קאָפּ וואו אָנשפּאַרן אַ זיכער פּלאַץ,
אויף מידן קערפּער אויסרוען אַ ריין מאַטראַץ,
און אָנשטאָט אַ האַרטער ברעט
וואַרטן זאָל אויף אים אַ ווייכע בעט
מיט צוזאָג פאַר אַ נאַכט פון רו,
וואָס גרינגער מאַכן זאָל דעם טאָג דערצו, —

— ווי ווייט איז נאָך ביז יענער צייט?

ווי ווייט איז נאָך, ביז ס'גייט דער טאָג אַוועק,
ווען אָנגעפּילט דאָס לעבן איז מיט זאָרגן און מיט שרעק;
ווען אויסגעוועפּט פון היינט ס'קאָן ווערן יעדע פרייד,
ווען טראַכטסט פון מאָרגן נאָר, וואָס ר'קאָן באַהאַלטן אין זיין שייד;
ווען ס'לויערן אויף דיר, ווי וועלף אין אַ געפּעק,
אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער און טויזנט אַנדערע אַזעלכע שלעק;
און ס'דאַכט זיך: ס'פּאַלט אַרוים פון אונטער דיר די דעק
און ס'האָט אַזאַ מין לעבן ניט קיין זינען און קיין צוועק, —

— ווי ווייט איז נאָך ביז יענער צייט?

ווי ווייט איז נאָך דער טאָג, ווען אָפּגעווישט ס'וועט ווערן אָט־די האַנט,
וואָס אויפגעבויט עס האָט אַ דיקע וואַנט
צווישן מענטש און מענטש; אַרויפגעזעצט ווי אַ פּוכיר
דעם אונטערשייד צווישן הויט־קאָליר;
האָס צווישן מענטש און מענטש געוועקט,
ביז עס האָט זיין האַנט אין בלוט פאַרפלעקט,
ביז עס האָט זיין מענטשלעכקייט פאַרמעקט
און נאָמען זיינעם האָט מיט שפּאָט און שאַנד באַדעקט, —

— ווי ווייט איז נאָך ביז יענער צייט ?

ווי ווייט איז נאָך ביז ס׳קומט די צייט,
ווען ס׳ווערט דער מענטש פון דעם באַפרייט ;
ווען נייער טאָג פאַר אים שיינט־אויף,
מיט פרייד זאָגט־אָן פון נאַכט דעם סוף ;
ווען לעבן נייעם — פון אַ גיהנומ׳דיקן סדום
פאַרוואַנדלט ווערט אין אַ לאַנג־באַגערטן טרוים,
וואָס גרייט אַ ליכטיק־העלע וואָר
פאַר אַן אויפגעוואַכטן נייעם דור, —

— ווי ווייט איז נאָך ביז יענער צייט ?

25טער אָקטאָבער, 1963

# אין פּאַרק

— פייגעלע, דו זוכסט אַ קערענדל צו טאָן אַ פּיק?
זוכסט עס ווי אַ גרויסן פאַר זיך גליק? —
איך זוך אויך עפּעס געפינען,
וואָס זאָל פאַר שפּייז מיר קאָנען דינען.
שוין וואָכן־לאַנג ווי אַרבעט כ'זוך אַרום
און אָפּזאָג כ'הער נאָר, וואו איך קום.
עס זוכן מיינע הענט עמיצן באַדינען,
איך זאָל פאַר זיך און ווייב כאָטש אויף ברויט פאַרדינען:
איך זאָל ניט דאַרפן אַ הונגעריקער שלאָפן גיין
און הערן פונם שלאָף מיין ווייב'ס פאַרשטיקט געוויין.
געהאַט האָב איך געזונטע הענט —
עס האָט די אַרבעט אין זיי שטענדיק ווי געברענט;
איצט הענגען זיי אַראָפּ אָפּהענטיק־פאַרשעמטע —
ווי זאָל מיין האַרץ ניט זיין גאָר אַ צעקלעמטע?
הונגעריק בין איך, אָן עפּעס־וואָס אין מויל,
און ס'דענקט נאָך ווער, אַז איך בין פויל...

— — — — — — — — — — — — — — —

— אָט ליגט אַ ברעקל, קענסט עס נעמען —
סיי־ווי אויפהויבן וועל איך זיך שעמען.
פון גאַנצן האַרץ כ'פאַרגין דיין גליק,
נאָר ווינטש מיר, כ'בעט דיך, אָפּ צוריק...

14טער יאַנואַר, 1965

# ביינאַכט אין ניו־יאָרק

אין שרעק פאַרוויקלט איז די שטאָט,
אין שטילקייט איינגעהילט די גאַסן;
מיט אומזיכערקייט ווערט געמאַכט אַ טראָט,
מיט אומרו פאַר יעדן שאָטן בלאַסן.

יונגוואַרג — מענטשנס אייביק־העלער טרוים,
וואָס שטאָלץ געוועקט ביים שפּיגלען זיך אין איר און קוקן —
פאַרוואַנדלט אין אַ וואָלף הינטער אַ בוים,
גרייט זיך וואַרפן און אימעצן פאַרצוקן.

אין אויג ביי יעדערן עס ציטערט דער פאַרדאַכט:
צי מיינט דער צווייטער ניט פון הינטן אים באַפאַלן?
איז אים באַשערט דער העלד זיין פון דער נאַכט? —
סענסאַציע פון אַ נייעם מאָרד ברוטאַלן?

פאַרשוואונדן איז דאָס נאַכט־לעבן, דער טומל פון אַמאָל —
ווי שאָטנס שלייכן מענטשן שטיל און איילן;
קיינער וואַגט ניט לאַכן אויף אַ קול,
קורצע שטרעקעס ציען זיך ווי מיילן.

רויב און מאָרד, און שענדונג ווי אין סדום —
כאָטש ס׳בלאַנקט דאָס בעטל מיט געלעגער ווייכן:
די יוגנט — פון איבערפלאַך דער שוים,
די נאַכט — פון פוילונג קלאָרער צייכן...

15טער אַפּריל, 1965

# אין ניו־יאָרקער פּאַרקן

(סאַטירע)

ווער זאָגט עס, אַז פּאַרקן זיינען באַשטימט
פאַר ליכט און פאַר זוניקן שיין? —
אַט האָבן דאָך מענטשן אין מיטן פון טאָג
גאָר מורא אַהינצו אַריין...

ווער זאָגט עס, אַז פּאַרקן זיינען באַשטימט,
פאַר וואוילזיין פון מענטשן געמאַכט? —
אַט מיידן זיי מענטשן פאַרבייגיין אַפילו,
אַזוי־ווי עס פאַלט־צו די נאַכט...

ווער זאָגט עס, אַז פּאַרקן זיינען באַשטימט
פאַר מוטערס מיט קינדער צו שפּילן? —
אַט האָט מען געפונען אַ קינד דאָך דערשטיקט,
געשענדט אין אַ ווינקל אַ שטילן...

ווער זאָגט עס, אַז פּאַרקן זיינען באַשטימט
פאַר יוגנט, פאַר גליק און פאַר ליבע? —
אַט האָט מען אַ פּאָרל ברוטאַל דאָך געטויט
גאָר אָן שום יעטווידער סיבה...

ווער זאָגט עס, אַז פּאַרקן זיינען באַשטימט
פאַר מענטשן צו גיין דאָרט פאַרברענגען? —
אַט האָט מען אַן עלטערן מאַן דאָך געפונען
אויף צווייג פון אַ בוים דאָרטן הענגען...

װער זאָגט עס, אַז פֿאַרקן זײַנען באַשטימט
צו שעפּן אין זײ פֿאַרגעניגן? —
אָט האָט מען אַ פּרוי אױף אַ באַנק דאָך געפֿונען
דערשטאָכן אַ טױטע דאָרט ליגן...

עס װײַזט אױס, די פֿאַרקן באַשטימט פֿאַר נפֿשות —
טונקל װי זײער געװיסן;
און װאָלט דורך אַ צופֿאַל אַ מבול פֿאַרשװענקט זײ —
אָסור, אױב װער אַ טרער װאָלט פֿאַרגיסן...

3טער מערץ, 1965

# צוויי קינדער

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן
אין איין־און־דער זעלביקער צייט;
נאָרביידן דער גורל האָט אַנדערש געשוואָרן:
אַ לעבן פאַרשיידן ווי פּאָליוסן ווייט.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין צייט געבאָרן
אין איין־און־דעם זעלביקן לאַנד;
נאָר ביידע געהערט צו פאַרשיידענע פּאָרן:
פון רייכן און אָרימען שטאַנד.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן
פון ווייסן און שוואַרצן קאָליר;
זיי ביידע צוזאַמען זיך שפּילן ניט טאָרן,
ניט קומען אין קיין שום באַריר.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן,
נאָר אַנדערש ביי יעדן די הויט;
אין וואוילזיין דער ערשטער פאַרברענגט זיינע יאָרן,
דער צווייטער — ער טרינקט זיך אין נויט.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן,
נאָר אַנדערש איז יעדערנס הויז:
דער ערשטער — ער וואוינט אויף אַן אויבערשטן גאָרן,
דער צווייטער — בשכנות אַ מויז.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן —
די פרוכט פון אַ גלייכן באַשאַף;
נאָר איינער איז שפּעטער אַ הערשער געוואָרן,
דעם צווייטן געמאַכט פאַר זיין שקלאַף.

עס זיינען צוויי קינדער אין איין לאַנד געבאָרן —
קאָליר איז פאַרשיידן און קלאַס;
עס האָט זיך צעוואָקסן אין זיי דורך די יאָרן
פון איינעם צום צווייטן אַ האַס.

עס ברענט אינם שקלאַף דער באַרעכטיקטער צאָרן:
צענומען זאָל ווערן די וואַנט!
זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די אומרעכט פון יאָרן —
און ברודער זאָל ברודער דערלאַנגען די האַנט!

15טער אויגוסט, 1964

# קריגס־וואָגלער

פאָרט אַ שיף אין מיטן ים,
פירט זי ניט קיין רינדער —
פאָרט אַ שיף אין מיטן ים
אָנגעפּאַקט מיט קינדער.

קוקן ניט קיין שאָף און לעמער
דורך די שוואַרצע גראַטעס —
קינדער אָרעמע דאָרט שטייען
אָנגעטאָן אין שמאַטעס.

— זאָגט מיר, ליבע, ווער זייט איר?
פון וואַנען און וואוהין?
שווימט איר ערגעץ צו אַ ציל?
פירט די שיף אייך וואו אַהין?

און פאַרוואָס, איר טייערע,
האָט די היים פאַרלאָזט?
טאַטע־מאַמעס אייערע
ד אָ ר ט איבערגעלאָזט?

— מיר האָבן ניט קיין היים פאַרלאָזט,
קיין טאַטן און קיין מאַמען,
אָן אַ ציל אין וועג געלאָזט
אויף אומבאַקאַנטע ים׳ען.

ס׳האָט נישט קיינער, ליבער פריינט,
פון אונז שוין מערער קיינעם —
ס׳האָט דער קריג פון אונז געמאַכט
עלנטע יתומים.

און די הײמען אונזערע
שוואַרץ אין קויל פֿאַרברענט,
שטײען איצטער חרובֿ'ע —
קוימען נאָר און װענט.

װאָגלען מיר אָן הײם איצט אום —
נעכט אַזוי און טעג —
זוכן צו דערשלאָגן זיך
ערגעץ צו אַ ברעג.

# טרערעלעך־פּערעלעך...

טרערעלעך־
פּערעלעך,
לויטערע שטערעלעך —
ווער האָט אייך הייסע פאַרגאָסן?
הערצער פאַרקלעמטע?
פון לעבן פאַרשעמטע? —
וואָס האָבן גאָר קיינמאָל
קיין פרייד ניט גענאָסן?

טרערעלעך־
פּערעלעך,
גאָלדענע שטערעלעך —
ווער האָט אייך הייסע פאַרלאָרן?
קינדערלעך קליינע?
נשמהלעך ריינע? —
וואָס זיינען פון לעבן
פאַרשטויסן געוואָרן?

טרערעלעך־
פּערעלעך,
האַרציקע שטערעלעך —
קלייבט זיך אויף אַלע צוזאַמען!
און רייסט זיך אין הימל
און וועקט דאָרט פון דרימל —
צעגיסט זיך אין שטורמישע ימען.

---

* דאָס דאָזיקע ליד ווערט איבערגעדרוקט פונם בוך „אויף פליגלען פון צייט" צוליב דער מוזיק, וואָס איז לעצטנס געשאַפן געוואָרן פאַר דעם.

עס האָט שוין קיין ברעג ניט דאָס מענטשלעכע ליידן,
וואָס צאַפּלט און בלוטיקט אין וואונדן,
און ווייטאָגט פון שאַנדע און באָדט זיך אין טרערן —
וואָס ווערן אין אָפּגרונט פאַרשוואונדן...

טרערעלעך־
פּערעלעך,
ליכטיקע שטערעלעך —
קלייבט זיך אויף אַלע צוזאַמען!
און רייסט זיך מיט שטורעם
און וואַרפט־איין דעם טורעם —
און צינדט־אָן דעם הימל אין פלאַמען — —

# וועמען ווילט זיך שטאַרבן ?..

## I.

וועמען ווילט זיך שטאַרבן אין אַ טאָג אַזאַ אַ שיינעם,
ווען קנאָספּן רייסן זיך צעבליען פאַרביקע אין קווייטן, —
ס׳וועט ניט איינפאַלן אין אַ טאָג אַזאַ קיין איינעם
פרייד אויף טרויער בייטן און גיין דיך צו דיין רו באַגלייטן.

און אין אַ טאָג אַזאַ, ווער קאָן אַלט זיך פילן
און זון פאַרשטעלן דורך פאַרהאַקטע לאָדן —
ווען אין דער לופטן האַרפן־סטרונעס שפילן
און טאָג מיט וואונדער גרויסע שווער איז אָנגעלאָדן.

ווען טעג ווי קינדער זאָרגלאָזע עס פרייען זיך און זינגען —
יעדער טאָג זינגט־אויס אַ נייע ליד אַ שטאָלצע;
ווען פריידן נייע צוריק דיך יונג צו ווערן צווינגען
און זאָרגן אַלטע ווי שניי צעגייען און אין פלאַם ווערן צעשמאָלצן.

ווען צייט אויף נייער קאַנווע מאָלט
פרישע פרעכטיקע אוזאָרן,
ווען יונג ווערן וואָלט יעדערער צוריק געוואָלט
און אויף ס׳ניי געווינען די פאַרשפילטע יאָרן.

איז וועמען ווילט זיך שטאַרבן אין אַ טאָג אַזאַ אַ שיינעם,
ווען צוקונפט הערלעכע ליגט פאַרן אויג אַן אויסגעשפרייטע, —
ס׳וועט ניט איינפאַלן אין אַ טאָג אַזאַ קיין איינעם
אויף פינצטערע דריי איילן בייטן האָריזאָנטן ליכטיק־ברייטע...

11טער פעברואַר, 1964

## II.

ווען מען ווילט זיך שטאַרבן אין טעג אַזעלכע שטורמישע און הייסע,
ווען כוחות ראַנגלען זיך אין ריזיקן פֿאַרמעסט ;
ווען אין דער לופֿטן שוועבן־אום דערוואַרטונגען אַזעלכע גרויסע,
און דעם אָנקום זייערן מיט אויגן אייגענע דו זעסט.

ווען יעדער טאָג דעם פֿריערדיקן זוכט איבערצויאָגן
מיט בשורות נייע — און נאָך ווייטערע זאָגט־צו ;
ווען קאַמף־סיגנאַלן פֿון אַלע וועלט־עקן זיך טראָגן
און רעגן דיך און טרייסלען־אויף דיין רו.

ווען אין דער לופֿטן שאַלן אוים טראָמפּייטן,
וואָס וועקן פֿעלקער אויף פֿון זייער לאַנגן שלאָף ;
ווען הערסט ווי ס׳רייסן זיך די קייטן
און ס׳קומט צו שקלאַפֿעריי אַ סוף.

אין טעג אַזעלכע פֿון אַ לעבן אַ דערוואַכטן
ווילסט ניט אַנדערש, נאָר אַליין ביים יום־טוב זיין —
ווער וויל עס דאַן אין דער פֿינצטער שמאַכטן,
ווען די גאַנצע וועלט פֿאַרגאָסן ווערט מיט שיין...

28טער יוני, 1964

# מאַרש פון פעלקער

אויף שטורמישע וועגן
מיר שפּאַנען, מיר גייען,
דורך שניי און דורך רעגן,
דורך ווינטן, זאַווייען —
געשלאָסענע רייען
פון פעלקער־אַרמייען —
דעם שונא אַנטקעגן.

כאָטש שווער איז דער וועג,
באַרג־אַרויף יעדער טראָט,
פאַרצאַמט יעדער שטעג
איז מיט שטעכיקן דראָט,
און פון יעדן באַוועג
מיט געפאַרן עס דראָט, —
מיר שפּאַנען אָן מורא, אָן שרעק.

כאָטש ס׳סווישטשעט דערוויל
נאָך פון שונא די פייל
ווי אַ וועלפיש געהייל
אין דער פינצטערער נאַכט, —
מיט גלויבן און מוט
ווערט באַגלייט דער מאַרשרוט
פון פעלקער, וואָס האָבן דערוואַכט.

כאָטש שווער איז דער היינט
און באַגלייט נאָך מיט זאָרגן,
דורך נעפּל עס שיינט
שוין דער ליכטיקער מאָרגן, —
דורך קאַמפּן באַגלייט
ווערט אַ צוקונפט פאַרזייט —
אַ לעבן פון גליק און פון פרייד.

---

אויף שטורמישע וועגן
מיר שפּאַנען, מיר גייען —
דעם ליכטיקן מאָרגן,
דער צוקונפט אַנטקעגן;
פֿאַרבויגן די זאָרגן,
געפּאַר ניט געאַכט,
דורך רעגן און שנייען,
דורך פֿינצטערער נאַכט —
גאַנצע אַרמייען
פֿון פֿעלקער דערוואַכט...

13טער אויגוסט, 1965

# אין פוסטריט מיט דער צייט

עס בייט דער פוקס זיין זומער־פעל,
ווען ווינטער שטייט ניט ווייט ביים שוועל,
נאָר טרייסלט אָפּ פון זיך די דיקע האָר,
ווי ער דערפילט דעם פרילינג נאָר.

און בער זיין כבוד עס פאַרבויגט
און אייגן לאַפּע נעבעכדיק ער זויגט:
אַ גאַנצן ווינטער ליגט און שלאָפט —
אויף זומער־אָנקום וואַרט און האָפט.

און מחנות פייגל אין געפלי
צו דרום־צו אין ווייטן לאַנד:
ס'באַצאָלט זיך אָט די שווערע מי,
ווען טויט און אומקום שטייט ביים ראַנד.

ווייל ווער דעם גאַנג פון צייט פאַרשטייט
און שטעלט מיט איר זיין אייגן טראָט —
אויף פעסטן באָדן יענער גייט
און זיכערקייט אין צוקונפט האָט.

7טער יאַנואַר, 1964

# וויג־ליד

שלאָף, מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן
און נישט רייד שוין מער צו מיר —
אַ נייער טאָג אַ פריידיקער
מאָרגן וואַרט אויף דיר.

ביסט געבאָרן אין אַ צייט,
נישט אַזוי־ווי איך —
ווען זיבן קינדער אינם הויז
פאַרמאָגט נאָר צוויי פּאָר שיך.

ביסט געבאָרן אין אַ צייט,
נישט ווי איך אַמאָל —
ווען אַ קינד געמוזט האָט טראָגן
שוין פון ערשטן טאָג דעם עול.

ווען אַ קינד גאָר נישט געוואוסט,
וואָס אַ שפּילצייג מיינט —
נאָר געשפּילט מיט מאַמעס ברוסט,
ביז זי האָט עס שוין אַנטוויינט.

היינט האָסטו פאַר זיך אַ צימער:
ליכטיק, גראַם און גרוים! —
זיכער שענער, נישט פיל קלענער
פון מיין מאַמעס גאַנצן הויז.

און ס׳איז פול דיין קינדערש צימער,
אָנגעשפּאַרט מיט אַלדאָס גוטס —
שפּילצייג אָן אַ שיעור די שענסטע,
פון יעדער זאַך כמעט אַ טוץ.

האָסט, דאַכט זיך, שוין באַלד קיין פרייד ניט
ביי אַ ניי געשאַנק צו קריגן —
כ׳זע ווי אָפטמאָל ניט גערירט
חדשים גאַנצע זאַכן ליגן.

טראַכט איך אַלץ פון יענער צייט —
ווי ווייט זי זאָל ניט זיין און בלייך —
צי וועט די נייע צייט, מיין קינד,
נישט מאַכן דיך אַמאָל צו־ווייך...

ס׳האָט די נויט און אָרעמקייט
אויסגעשמידט פון אונז אַמאָל
העלדן מיט אַ שטאַרקן ווילן,
קעמפער מיט אַ גייסט פון שטאָל.

געוואוינט געווען צו נויט און הונגער,
נאָר זיי דולדן ניט געוואָלט;
ניט אָפגעשטעלט זיך פאַר קיין שטראָף און טורמעס —
מעג זיין ווי שווער פאַר דעם באַצאָלט...

— — — — — — — — — — — — —

שלאָף, מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן
און נישט רייד שוין מער צו מיר —
אַ נייער טאָג אַ ליכטיקער
מאָרגן וואַרט אויף דיר.

אויסגערעדט פאַר דיר דאָס האַרץ,
איצטער ווער אַנטשלאָפן גיך —
האָבן זאָלסט אַ גרינגער לעבן,
נאָר אַ קעמפער זיין ווי איך...

15טער אַפּריל, 1964

# די נײַע צײַט

פֿאַרשוועכט ווערן די נעכט אַמאָליקע
אין דעם ריזן־גוף פֿון גרויסער שטאָט,
וואו הייזער זיינען צענדליק־שטאָקיקע
און גאַסן דורכגעוועבט פֿון דראָט.

פֿאַרשוואונדן איז די נויט אַמאָליקע
צו ציען ליכט פֿון דער לבנה־שיין,
ווען לעמפּעלעך — עלעקטרישע, פֿילצאָליקע —
די פֿינצטערניש ווי שוואָמען זאַפּן־איין.

געוועען די נאַכט פֿון אייביק אָן
באַשטימט פֿאַר שטילקייט און פֿאַר רו —
פֿאַרביטן היינט האָט וועק־זייגער דעם קריי פֿון האָן,
און מילך־וואָגנס — דאָס מעקען פֿון דער קו.

פֿול די גאָס מיט רויש איז און מיט רעגונג,
און לעבעדיק ביינאַכט — פּונקט איז ווי ביי טאָג;
דער רעסטאָראַן איז פֿול מיט עסער און באַוועגונג
פֿונם שיכט, וואָס אַרבעט אין פֿאַרטאָג.

פֿאַרליבטע פֿאָרלעך פֿלעגן פֿליסטערן צום צווייטן —
ווי פֿון ביכלעך פּונקט געגנוצט די זעלבע שפּראַך;
די לבנה פֿלעגט זיי זאָרגפֿעליק באַגלייטן
און האַלטן איבער זיי אַ שטרענגע, מוטערלעכע וואַך.

ווער וויל עס וויסן היינט, וואָס דאָרטן טוט זיך אויבן,
ווען אויף דער גאַס ברענט העלער דער לאַמטערן;
און ווען מען פֿאַלט גאָר אײַן דעם קאָפּ אַרויף צו הויבן
און אויפֿן הימל זוכן ערגעץ שטערן.

איינזאַם און פֿאַרלאָזן, ווי אַן עלנטע אַלמנה,
וועלכע טראָגט איר ווייטאָג טיף אין זיך און לײַדט —
אַ פֿאַרשעמטע שווימט־אַרום שטיל די לבנה
און אין טרויער זוכט פֿאַרשטיין די נײַע צײַט...

11טער פֿעברואַר, 1965

# פריינטשאַפט

„מה נעים שבת אַחים!"
ס'האָט טויזנט גוטע טעמ'ען! —
ציט יעדערן אַ בענקשאַפט
צו טרעפן זיך צוזאַמען.

ציט יעדערן אַ בענקשאַפט
אַלטע טעג באַנייען,
פון אומצוטרוי און בייזוווילן
אַ ווײַלע זיך באַפרייען.

זוכט קיינער ניט דעם צווייטנס
מיינונגען פאַרדאַמען,
ס'זאָלן יענעמס אַנדערשקייטן
פריינטשאַפט ניט פאַר'סמ'ען.

ס'זאָלן ווייטע פאַליוסן
וועגן ניט פאַרצאַמען,
און געמיטער אָנגעהיצטע
אין פונקען ניט צעפלאַמען.

שרומפן לאַנגע שטרעקעס
אין צעקנייטשטע מײַלן —
אַלטע גוטע פריינט
צו טרעפן זיך עס אײַלן.

טראָגט מיט אימפעט באַן זיך,
דרייען שנעל זיך רעדער —
ס'האַלט ניט אָפּ גאָר קיינעם
רעגן, שלעכטער וועטער.

פאַרברענגט מען זיך געמיטלעך,
האַקט מען אָפּ די שפּיצן;
זוכט מען צו פאַרגלעטן
אַ זאָג אַמאָל — דורך וויצן.

צעשיידט מען זיך דערנאָכדעם
ווי אַלטע גוטע פריינט:
דעם נעכטן ניט פאַר׳מיאוס׳ט
און דעם היינט פאַרפיינט...

9טער יאַנואַר, 1964

# אויגן

אויג, וואָס שטעכט מיט גאווה,
האַלט פאַררישן קאָפּ,
און אין לוסט פון גדלות־תאווה
קוקט פון הויך אַראָפּ;

אויג, וואָס בליקט מיט קנאה,
וויל פאַר זיך וואָס מער,
און מיט גלייכגילטיקער מינע
קוקט אויף יענעמס צער און טרער;

אויג, וואָס פול מיט שנאה,
ביטערקייט און גאַל:
בליקן — שפּיזלעך דינע,
ברעם — פון סם אַ קוואַל;

אויג, וואָס זוכט פאַרבויגן
הילף פאַר פרוי און קינד:
פאַרן מיטמענטש דיק פאַרצויגן,
צו זיין עלנט — שטייף און בלינד, —

עס זייען אָט די אויגן
רשעות נאָר און זינד;
מעג דער טאָג זיין ליכט פאַר זיי פאַרנויגן
און באַצאָלן ווי פאַרדינט.

נאָר אויג, וואָס פול מיט גוטסקייט,
וואַך פאַר יענעמס לייד;
איינפאַך, אָן פאַרפּוצטקייט,
צווייטן העלפן גרייט;

אויג מיט טוי מיט פייכטן
פאַר יענעמס ווײ און פּיין, —
זאָלן אייביק זיי נאָר לייכטן
מיט אַ העלן טיפן שיין!

זאָלן אייביק זיי נאָר דינען,
וועגווייזער דעם מענטשן זיין! —
העלפן אים דעם וועג געפינען
אין אַ בעסער וועלט אַריין...

10טער דעצעמבער, 1964

# מיין זיידע און איך

אָט פונקט ווי ערשט נעכטן כ׳געדענק: זיך און מיין זיידן,
דעם חדר, דעם רבי׳ן און די ספרים וואָס כ׳לערן;
און ס׳געסל און הויף, וואָס געפירט האָט אונזביידן
צום רב אינם שטעטל — מיך די גמרא פאַרהערן.

עס לויכטן מיט ציטער ביים זיידן די אויגן:
אַ קלייניקייט עפּעס — אַ מלאכת הקודש!
כאָטש שוואַך איז זיין ראיה, זיין רוקן געבויגן,
נאָר ר׳היט־אָפּ זיין מיסיע איין מאָל אַ חודש.

צוריק פונם רב גייט ער שטאָלצער ווי פריער,
גלייכער, זיך דאַכט, קוקט־אויס איצט זיין רוקן;
פון פּנים אַ נחת עס קוועלט אָן אַ שיעור
און ליכטיקער פאַר זיך די אויגן עס קוקן.

ער ברענגט צו דער באָבען די בשורה די גוטע:
אָן עלוי איך וואַקס! — איז געווען רב׳ס נבואה;
עס פילן זיךביידע דערהויבן, דערמוטיקט,
עס ווישט אירע אויגן מיין באָבע, די צנועה.

---

נאָר ווײ! ס׳איז נביאות פון רב ניט מקוים געוואָרן!
און לאַנג ביי מיין זיידן די פרייד ניט געדויערט! —
עס האָט די גמרא איר חן ביי מיר פלוצלונג פאַרלאָרן,
אויף זיידן אַ צרה פאַרשטיקט האָט געלויערט.

אויף וועגן אויף אַנדערע כ׳האָב זיך פאַרנומען —
פאַר זיידן זיי פרעמדע, מיך אָבער זיי לאָקן;
זיי האָבן געטראָפן מיין זיידן דעם פרומען
ווי אַ דונער פון הימל, צעמישט אים דעם זקן.

שרעקלעך געוועזן זיין פיין און אנטוישונג,
ווי כ׳וואָלט אים פאַרראַטן, צום שונא אַנטרינען:
זיין האַרץ אין פאַרצווייפלונג, זיין קאָפּ אין באַרוישונג —
שווער איז געווען אים אַ טרייסט צו געפינען.

געוועזן כ׳בין שיר־ניט אַ פושע ישראל,
פון תורות פון פאַלשע געוואָרן פאַר׳שכור׳ט;
פון שנעקעס דאָרט יונגע באַגייסטערט, נתפּעל,
פון אַן עלוי אַ יינגל — אַ כופר בעיקר.

ער האָט זיך געבייזערט, זיך רחמים געבעטן:
אָפּקערן כ׳זאָל זיך פון וועג פון מיין נייעם;
כל־זמן ס׳איז נאָך צייט פונם פייער זיך רעטן, —
נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן זיין טענה׳ן, זיין שרייען.

ווי האָט געטאָן מיר דאָס האַרץ פאַר מיין זיידן,
און שווער איז געווען מיר צו זען זיינע ליידן —
נאָר אַ וואַנט איז געשטאַנען צווישן אונזביידן,
און וועגן וואָס פירן אין זייטן פאַרשיידן.

---

פיל צענדליקער יאָרן פון דעמאָלט פאַרגאַנגען,
פאַרשוואונדן שוין לאַנג איז דעם זיידנס געביין;
מיט זילבערנע פּאַסמעס מיין קאָפּ איז באַהאַנגען —
איך בין איצט צומאָל שוין אַ זיידע אַליין.

און פּונקט ווי אַמאָל מיט יאָרן מיין זיידע,
אַזוי שטיי איך איצט פאַר דער זעלבער פּראָבלעם:
דער זעלביקער ווייטאָג, די זעלביקע ליידן —
נאָר ברייטער און טיפער אין זייער פאַרנעם.

אייניקלעך האָב איך פון בלוט מיינעם אייגן —
וואָס קען דען זיין גרעסערער גליק?
געמיינט, כ׳וועל דורך זיי פאַר דער צוקונפט פאַרלייגן
פאַר ווייטערן המשך אַ גאָלדענע בריק.

געמיינט, ס׳וועט דורך זיי ווייטער זיך ציען
דער פאָדעם, וואָס ציט זיך שוין טויזנטער יאָר —
באַשערט וועט מיר זיין דאָס גליק צו דערציען
אַ שטאָלצן, געזונטן אידישן דור.

געמיינט, ס׳וועלן אייניקלעך מיינע מיך אַרבן,
ניט זילבער און גאָלד, וואָס נאָר מאָגן עס שפּייזט —
נאָר אַ ירושה זיי לאָזן, ווען מיין צייט קומט צום שטאַרבן,
פון אונזער געשיכטע די רייכקייט פון גייסט.

---

נאָר וויי! — האָפענונג מיינע ווי שניי איז צערונען!
אַ חלום געווען בלויז דער גאָלדענער טרוים! —
איך האָב פון חלומות אַ צוקונפט געשפּונען,
אַ בריק געוואָלט בויען פון ים׳יקן שוים.

אַזוי גאָרניט ענלעך צו מיר מיינע קינדער,
ווי גאָרניט זיי וואָלטן מיינע געווען;
איך קוק אויף זיי צייטנווייז, שטיי און זיך וואונדער:
אייגענע, דאַכט זיך, און קוים וואָס כ׳דערקען.

אויף וועגן אויף פרעמדע זיי שפּאַנען און גייען:
פרעמד זיי מיין שפּראַך און פרעמד מיין קולטור;
ווי ווילדע עס קלינגען זיי מיינע אידייען —
פון אַ המשך אין זיי שווער געפינען אַ שפּור.

ווי אַ וואַנט וואָלט געשטאַנען צווישן אונז אינדערמיטן
און וועג צום פאַרשטיין זיך גרויזאַם פאַרצאַמט —
ווערטפולע אוצרות אויף קליינגעלט צעביטן,
און טעג פון מיין עלטער מיט צער פאַר׳סמ׳ט...

---

יאָרן אַ סך שוין ווי טויט איז מיין זיידע —
איך בין, ווי איר זעט, איצט אַ זיידע אַליין;
נאָר אַ זיידענער פאָדעם פאַראייניקט אונז ביידן,
און כ׳פיל אין מיין האַרצן זיין אַלטן געוויין...

20טער פעברואַר, 1963

# דער חלום

אַ חלום אַ גוטן געהאַט כ׳האָב די נאַכט —
איך קען אים ביז איצט נים פאַרגעסן:
פון קינדער און אייניקלעך זאָרגפול באַוואַכט —
און איך בין אין מיטן געזעסן.

און ס׳האַלדזן מיך אייניקלעך צערטלעך און ליב
און קושן און קינדעריש גלעטן:
„דערצייל אונז אַ מעשה, וואָס מיר האָבן ליב" —
די קינדערשע ליפּלעך זיך בעטן.

„דערצייל אונז פון אָנהויב, דערצייל פון אַמאָל,
„ווי ס׳אידישע פאָלק איז געבאָרן;
„ווי יעקב פאַרשטעלן געפּרואווט האָט זיין קול,
„און נאָכדעם אַנטלויפן געמוזט האָט קיין חרן.

„ווי יוספ׳ן האָבן די ברידער פאַרקויפט,
„געמיינט פון בעל-חלום שוין פּטור געוואָרן —
„ערשט יענער איז שפּעטער ביי פּרעה׳ן אין הויף
„אַ שני למלך אָנשטאָט גאָר געוואָרן.

„ווי גלית פון דוד׳ן האָט אָפּגעלאַכט,
„געמיינט: ר׳וועט מיט בליק אים פאַרניכטן —
„ערשט דוד האָט קליגערס אַלס ענטפער פאַרטראַכט:
„פאַרמעסט מיט אַ שטיינדל בלויז שליכטן.

„און נאָך שיינע מעשות דערצייל פון אַמאָל —
„ס׳איז רייך מיט זיי אונזער געשיכטע:
„ווי ס׳האָבן די שונאים, די פיינט פון ישראל
„דורך מיטלען פאַרשייטע געזוכט אים פאַרניכטן.

„נאָר קיינמאָל דאָס פאָלק ניט פאַרלאָרן זיין מוט,
„זיין גלויבן אין זיך ניט פאַרראַטן:
„געטראָגן זיין פאָן אויפן לאַנגן מאַרשרוט,
„געשפּאַנט אויפן וועג דעם ניט־גלאַטן.

„אויך מיר דיינע אייניקלעך זאָגן דיר צו
„יענע פאַרגאַנגענהייט נישט צו פאַרראַטן:
„גיין אויפן וועג דעם זעלבן וואָס דו
„געלערנט האָסט אונז און דעם טאַטן..."

פון גליק כ'האָב די אייניקלעך וואַרעם געדריקט:
אַ דור אין מיין גייסט כ'האָב דערצויגן!
טרערן אין האַלדז מיך האָבן געשטיקט — —
און כ'האָב פונם שלאָף געעפנט די אויגן...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ חלום אַ גוטן געהאַט כ'האָב די נאַכט —
איך קען אים ביז איצט ניט פאַרגעסן! —
פון וואָס כ'האָב געוויינטאָגט בייטאָג און געטראַכט,
אין שלאָף האָט ניט אויפגעהערט פרעסן...

14טער יולי, 1965

# אונזער וואָרט

ניט אַלץ איז אונזער וואָרט געוואָרן
אין פאַרלויף פון לאַנגע דורות,
און אין גאַנג פון שווערע יאָרן
ניט איינמאָל דורכגעמאַכט שווין גזירות.

ס'האָט די צייט אירע סעזאָנען:
פרילינג, זומער און אויך האַרבסט —
צייטן, אויפגאַנג וואָס באַטאָנען,
און צייט, ווען גרויע בילדער נאָר דו פאַרבסט.

אויך וואָרט אונזערס געהאַט האָט אָט די צייטן:
פרייד פון וואוקס און צווייפל אין דעם ווייטער —
נאָר שטענדיק אין דעם געראַנגל און זיך בייטן
אַרויס איז ער אַ פריש־באַנייטער.

אויך היינט איז אונזער וואָרט דורכגעוועבט מיט צווייפל:
צי איז דער סוף ניט איצט פון אַלע יענע דורות? —
נאָר ס'וועט דאָס וואָרט, וואָס דורכגעמאַכט אַזויפיל,
ווי אַמאָל פונקט זיך צעבליען און ברענגען פרישע פירות...

26טער דעצעמבער, 1964

# צו אַ יידישן דיכטער

ניט זיי אַנטמוטיקט, פריינט, מיט דיין אידיש וואָרט,
וואָס עס דערגרייכט ניט צו קיין צופיל אויערן —
ווען ס׳וועט זיי איינפאַלן אַהין אַריינצוקוקן ווען ס׳איז פאָרט,
זיי וועלן זיך אַליין באַדויערן.

ניט זיי געפאַלן, פריינט, מיט דיין אידיש וואָרט,
וואָס עס דערגרייכט ניט צו קיין גרויסע מאַסן —
ווען-עס-איז עס וועט זיי אָניאָגן אויך דאָרט,
און זיין פריערדיקן טעות יעדערער וועט פאַסן.

ניט זיי באַליידיקט, פריינט, וואָס אידיש וואָרט
איז פון גאָר אַ סך אַ גרינגגעשעצטער;
דיין ליד מיט האָפענונג זיך אַלעמאָל געפאָרט —
און דער מאָמענט דער איצטיקער איז ניט דער סאַמע לעצטער.

ס׳וויים די צייט פון פאַלן גאָר אַ סך,
ווען קולטורן אַלטע לאַנג באַטראַכט געווען ווי מתים;
נאָר אויפגעלעבט צוריק האָט זייער אַלטע שפּראַך,
און אויפגעשטאַנען די קולטור מיט איר תחית המתים.

און אונזער שפּראַך איז דאָך ניט טויט,
און די קולטור מיט איר צוזאַמען:
ס׳דאַרף נאָר ווער אָנצינדן אין פאָלק די קנויט
און די שוואַכע פונקען צעבלאָזן וועלן זיך אין פלאַמען.

דאָס וואָרט פון נביא פון אַלטער צייט אַמאָל
איז נויטיק היינט נאָך מער, ווי ווען ס׳איז פריער —
און אונזער שפּראַך, וואָס איז זיין ווידער־קול,
וועט ווידער דינען ווי דעם פאָלקס דערציער.

דאַן אויפלויכטן צוריק וועט אונזער אידיש וואָרט
אין אַ נייער „גאָלדענער עפּאָכע״,
און צוגלייך מיט אַלע פאַרנעמען ווירדיק וועט זיין אָרט
אין דער גרויסער מענטשלעכער קולטור־משפחה...

16טער פעברואַר, 1965

# לעצטע מאָהיקאַנער?

צו גראָם דער פּלאַץ ביי אונז געוואָרן
אין פאַרלויף פון קורצע צענדליק יאָרן:
וואו ס׳פלעגט פריער אָרט ניט סטייען אין אַ זאַל אַ פולן,
ליידיקע עס בלייבן איצטער שטולן.

שיטערער עס ווערן אַלץ אונזערע רייען:
יעדן טאָג מיט איינעם ווייניקער, צי צווייען;
נעכט אין טראַכטן אומעטיק פאַרגייען:
ניטאָ מיט וועמען די ריסן צו פאַרנייען...

ווער וועט אונזער פּלאַץ נאָך אונז פאַרנעמען? —
ווען ניטאָ איז, ווער כ׳זאָל אונזער וואָרט באַנעמען;
ירושה איבערלאָזן ניטאָ אַפילו גאָר פאַר וועמען,
ס׳זאָל זיך כאָטש געפינען ווער, וואָס זאָל עס וועלן נעמען...

איז וואָס וועט זיין? וועט וואַקסן אונזער צאָל אַלץ קלענער?
און העלפן וועלן ניט אַפילו ווי קלוג-צוגעטראַכטע פּלענער?
וועט קלענער ווערן אַלץ די צאָל פון די באַזעצטע שטולן,
ביז דער חשבון באַרג-אַראָפּ דערפירן וועט צו נולן?

ניין! אַפילו פאַרן לעבן ניט אַלע מאָל מען מוז זיך בויגן,
ווען ס׳לעבן דיין רעכט אויף זיך פאַרלעצט:
אין קאַמף האָט אַליין דאָס לעבן אונז דערצויגן —
און קעמפן וועלן מיר ביז לעצט...

2טער מערץ, 1965

# מיין מוטער

געווידמעט איר אָנדענק.

מיין מוטער איז געווען מיט ליבע פול
צו יעדער זאַך און יעדן איינעם:
געזען בלויז גוטס דורך איר שפּאַקול,
שלעכטס — כמעט אין קיינעם.

איר האַריזאַנט ז׳געווען די וועלט
איינגעקנייטשט אין קליינעם שטעטל;
גאָטס באַשעפעניש — דער מענטש וועלכער געוועלט,
צוגלייך מיט ווערימל אויף בלעטל.

רחמנות — אין נשמה אירער טיף,
געלייטערט דורך צדקה און דורך מעשים;
איר גוטסקייט, געוואָקסן ביז אַ מיף —
ניט געוואוסט, וואָס מיינט אַזוינס זיך כעס׳ן.

איר גלויבן טיף געווען ווי טיפעניש פון ים,
און שטאַרק געווען ווי ברעג פון גיבראַלטאַר;
דעם מגיד׳ס וואָרט געווען פאַר איר באַלזאַם,
פון לעבן בלויז דערוואַרט — עונש, ניט קיין שכר...

— — — — — — — — — — — — — —

מיט ליבע איך דערמאָן מיין לייטזעליקע מוטער,
ווען עם אָנדענק מיין לעבן עם באַשיינט;
איר בליק — דער ערלעכער, באַרוטער,
פאַלט אויף מיר און גיט מיר טרייסט נאָך היינט...

13טער יאַנואַר, 1965

# אַ קינד פון פאָלק

ווען איך וועל שטאַרבן,
ניט זינגט נאָך מיר קיין לויב-געזאַנגען:
אַ מענטש אַ פּשוט'ער עס האָט געלעבט
און ווי אַלע — איז אַוועקגעגאַנגען.

איך בין געווען אַ קינד פון פאָלק,
געערדט זיין שפּראַך, געליבט איר קלאַנג;
אין טעג פון פרייד, אין טעג פון טרויער —
מיט אים אין טראָט געשטעלט מיין גאַנג.

געטיילט זיין נעכטן, היינט און מאָרגן,
געזען זיין לעבנס-קראַפּט און דויער;
צו דער צוקונפט צוגעלייגט אַ האַנט:
ווי וויט געקענט — געהאָלפן זיין איר בויער.

געציילט געווינסן, דורכפאַלן און זיגן,
צוריקטריטן ניט אָפּגעשטעלט דעם גלויבן —
שווערע טעג און וואָלקנדיקע צייטן
מיין שטאָלץ מיט אים ניט געקאָנט אין מיר פאַרטויבן.

אַ קינד פון פאָלק בין איך געווען,
געטריי און גלויביק ביזן סוף:
מיט אים געלעבט, מיט אים געליטן —
ביז פאַרוויגן וועט מיך שלאָף...

25טער יוני, 1965

# מיין צייטונג

מיין צייטונג, מיין צייטונג —
ווי אַנדערש ביסטו:
ניט בלויז אין אויסזען —
אויך אין אינהאַלט דערצו.

מיין צייטונג, מיין צייטונג —
ניט שטוימן פּאַפּיר,
נאָר אַ קוואַל אַ פּאַרטיפּטער
פון וויסן פאַר מיר.

מיין צייטונג, מיין צייטונג —
ניט ברענגט מיר בלויז נייס,
וואָס דינט היינט מיין נייגיר
און מאָרגן צעריים.

עס גיט מיר מיין צייטונג
די צייט צו פאַרשטיין —
ווי וואָלט איך אָן איר גאָר
געקאָנט זיך באַגיין?

איך זאַמל מיין צייטונג,
האַלט הייליק איר ראָל:
בלעטער פאַרגעלטע
ווי שמות אַמאָל.

אַ יאָרגאַנג מיין צייטונג —
אַ באַנד פונם ש״ס:
כ׳געפין דאָרט פון אַלץ וואָס
נוגע מיין קלאַס.

אַ יאָרגאַנג מיין צייטונג —
דערקלערט מיר מיט טאָלק:
כ׳געפין דאָרט פון אַלעם,
וואָס גוט פאַר מיין פאָלק.

אַן אוצר אַ רייכער
פון טיפן באַנעם —
אַ צייטונג אַ קליינע
פון גרויסן פאַרנעם.

איך האַלט הויך מיין צייטונג
און טראָג זי מיט שטאָלץ —
מיין מיען פאַר איר זיך
זי צענפאַך באַצאָלט...

14טער מערץ, 1965

# מיידלעך

מיידלעך אַ סך כ׳האָב אין לעבן געליבט,
פון איינער צו צווייטער ווי פויגל געהיפּט;
יעדע איר אייגענעם צויבער פאַרמאָגט,
מיט וועלכן זי האָט מיך אַ ווײַלע געלאָקט.

געווען איז איינע וואונדערלעך שיין,
דערפאַר האָט די צווייטע פאַרמאָגט מערער חן;
אויגן האָט איינע ווי קאַרשן געהאַט —
די צווייטע ווי מאַנדלען גרויס אַקוראַט.

איינע געווען איז יונג און נאַאיוו,
די צווייטע — דערפאַרן און שכלדיק־טיף;
איינע געהאַלטן זיך צניעותדיק, שטיל —
געפּלאַפּלט די צווייטע דערפאַר האָט צופיל.

איינע געוואָלט איך זאָל קניען פאַר איר —
די צווייטע געוואָרפן אויף האַלדז האָט זיך מיר;
ביי איינער אַ רענדל געווען אַ קוש —
די צווייטע שוין מילד, אַבי צייכנס פאַרטוש...

איינע געלאַסן, אָן טעמפּעראַמענט —
די צווייטע ווי פייער האָט שטענדיק געברענט;
איינע געוואַרט, כ׳זאָל זיך בעטן ביי איר —
די צווייטע אַליין איז געקומען צו מיר...

— — — — — — — — — — — — — — —

מיידלעך אַ סך כ'האָב אין לעבן געליבט —
פון איינער צו צווייטער ווי פויגל געהיפּט;
געהאַלטן אין בייטן, ווי עפּעס געזוכט —
פון יעדערערס לאָגל צוביסלעך פאַרזוכט.

ביז אַלץ האָט דערעסן, פאַרשוואונדן די לוסט,
ווי זיין וואָלט עס בלויז נאָר אַ צייטן־פאַרלוסט;
דאָך אויסמעקן וויל איך די צייט יענע ניט:
אין איר האָט מיין יוגנט געבּרענט און געגליט...

22טער אויגוסט, 1965

# זיבן וועכטער...

(פֿאָלקס־מאָטיוו)

זיבן וועכטער ביי מיין טיר
שטייען טריי און וואַכן,
ס'זאָל קיין פֿרעמדער ניט צו מיר
פֿאַרבלאָנדזשען פֿון די שליאַכן.

זיבן וועכטער ביי מיין סאָד
שטייען וואַך און היטן,
ס'זאָל אַ שטיפֿער ניט פֿאַרבייגיין גראָד
און אַראָפּרייסן די בליטן.

נאָר עם העלפֿן וועכטער ניט,
קאָנען ניט די טיר פֿאַרשליסן:
ס'האָט ווער פֿאַרט מיט שטילע טריט
זיך צו מיר אַריינגעריסן.

ס'האָט אַ יונג, פֿאַרברוינט און שוואַרץ,
קלוג באַזיגט דאָך אַלע קלאַנגען —
האָט פֿאַרכישופֿט ער מיין האַרץ
און איך בין פֿון אים געפֿאַנגען.

העלפֿן שוין קיין וועכטער ניט,
קיין ריגלען ניט ביים טויער —
וואַרט איך בלויז אויף זיינע טריט
אַ פֿאַרליבטע ביזן אויער...

יולי 26, 1965

# יאָ, צי ניין?

(פאָלקס־מאָטיוו)

זאָג דעם אמת: יאָ, צי ניין?
און דריי ניט מיט דער צונג;
לאָמיר אָפּן זיך פאַרשטיין
און ניט ריידן אויפן וואונק...

זאָג דעם אמת: יאָ, צי ניין?
און צי ניט די נשמה;
כ'וועל מיין וועג אָן דיר באַשטיין —
קיין חוב ביי דיר ניט מאָנען...

זאָג דעם אמת: יאָ, צי ניין?
אַ סוף מוז עס דאָך נעמען! —
ביסט ניט דער איינציקער אַליין,
און כ'דאַרף זיך גאָרניט שעמען...

זאָג דעם אמת: יאָ, צי ניין?
ווי פריינט לאָמיר זיך שיידן:
אי דיין געוויסן וועט זיין ריין,
אי בעסער פאַר אונזביידן...

13טער פעברואַר, 1965

# מיט דיר

(פון אַ בריוו)

מיינע טעג מיט דיר געווען זיינען דורכגעוועבט מיט ליידן,
און מיינע נעכט — דורכגעווייטאָגטע מיט שאַנד:
אין אַ בייזער שעה עס האָט צונויפגעפירט אונז ביידן
אַ ניט־פאַרגינענדיקע, רשעות׳דיקע האַנט.

קיינמאָל אונזער טראָט האָט ניט געקאָנט גיין גלייך צוזאַמען —
אַז שטענדיק האָט די אומגלייכהייט איבער אונז געוואַכט:
יעדנס וועלט געמוזט דעם צווייטן האָט פאַרדאַמען —
וואָס ביי מיר איז טאָג געווען, איז ביי דיר געוועזן נאַכט.

מיט יעדן וואָרט פאַר דיר געמוזט האָב איך זיך היטן —
זיין פאַרזיכטיק, ווי גיין איבער אַן אָנגעזייפטער שטריק;
סוף־כל־סוף איינגאַנצן ריידן אויסגעמיטן
און טרעפן זיך — אַפילו מיטן בליק.

געוואָרן איז דאָס לעבן אַזוי אוממעגלעך צו טראָגן —
פאַרשוואונדן איז צו דיר מיין יעדער איינציקער באַגער;
געבליבן בלויז אַ „גוטן־טאָג" דיר זאָגן —
און קיינמאָל נישט צו טרעפן זיך שוין מער.

איצט גיי אַרום איך איינזאַם און פאַרביסן:
ווי אין אַ נעפּל איז מיין טאָג געהילט;
פון איין־איינציק לעבן קאָן דער מענטש געניסן —
און אויך דעם טראַגיש האָב פאַרשפּילט...

19טער פעברואַר, 1965

# וועגן

וועגן וואָס פירן —
אַזויפיל פאַראַן!
נאָר וואוהין זיי דערפירן,
ווייס מען ערשט דאַן —
ווען מידע באַרירן
די טריט לעצטן שפּאַן.

אָפט ציט די נאַטור
מיט איר קלאָרער לאַזור —
מאָלט אַזאַ שיינעם פּייזאַזש;
נאָר ביים ענד פון דעם שנור
גיטאָ גאָר קיין שפּור —
ס'איז אַלץ געווען בלויז אַ מיראַזש.

אָפט צויבערט דער וועג
מיט זיין גרויסן פאַרמעג —
קוקט־אויס אַזוי רייצנד, פאַרשייט;
נאָר ווען דער סוף ווערט דערגרייכט,
ווערט דער צויבער פאַרבלייכט —
דער רייץ דאַן פאַרלירט זיין באַדייט.

אָפט רייצט דיך דער וועג
מיט זיין ענדלאָזן ברעג —
געוואַגטקייט עס ליגט אין דער ווייט!
נאָר ווען דערגרייכט ווערט די ענד
און די כוחות פאַרשווענדט —
ווערט אַ שאָד די פאַרלאָרענע צייט.

— — — — — — — — — — — — —

ווענן וואָס פירן —
אַזויפיל פּאַראַן !
נאָר וואוהין זיי דערפירן
ווייס מען ערשט דאַן,
ווען מידע באַרירן
די פיס לעצטן שפּאַן...

8טער פעברואַר, 1965

# שאָטנס

עס וואַקסן נאָכמיטאָג און וואַקסן די שאָטנס,
ביז וואַנען זיי וואַקסן־אויס גרויס;
נאָר ביסלעכווייז הויבן־אָן קלענער צו ווערן —
ביז ענדלעך עס ווערט פון זיי אויס.

די נאַכט אין איר פינצטערניש האָט זיי פאַרשלונגען
און האַלט זיי ביז מאָרגן פאַרשפּאַרט:
ביז וואַנען דער טאָג וועט אַ פרישער דערשיינען
מיט ליכטיקע שטראַלן — דער זונס אַוואַנגאַרד.

דאַן קריכן די שאָטנס פון תפיסה אַרויס
און זוכן פאַמעלעך מיט ערד זיך פאַרבינדן:
כדי וואַקסן און וואַקסן — צוריק ווערן גרויס —
און שפּעטער אין אייביקייט ווידער פאַרשווינדן...

9טער פעברואַר, 1965

# ביזן לעצטן אָטעם־צוג...

...און זאָל דורך אַ צופאַל אַזוי עס פּאַסירן,
אַז כ׳זאָל ביידע הענט אין אַן אומגליק פאַרלירן, —
עס וועלן נאָך אַלץ מיר די פיס מיינע בלייבן,
וואָס וועלן דורך גאַסן און פאַרקן מיך פירן,
נישט טויטן אין מיר די לוסט צו שפּאַצירן
און פרייד פונם לעבן איינזאַפּן, שפּירן —
כאָטש כ׳וועל דאָרט ניט קאָנען אידייען מער קלייבן
און שפּעטער אין פערזן און לידער באַשרייבן.

...און זאָל איך אַפילו די פיס אויך פאַרלירן
און נויטיקן זיך, ס׳זאָל ווער אין אַ וועגל מיך פירן, —
עס וועלן נאָך אַלץ מיר די אויגן פאַרבלייבן,
וואָס וועלן די איינזאַמקייט העלפן פאַרטרייבן,
די זון און דעם פרילינג נאָך אַלץ אַמוזירן
און זען ווי די יונגע, פאַרליבט, ראָמאַנסירן —
און ס׳וועט נאָך דאָס לעבן אין מיר אַלץ פּולסירן.

...און זאָל איך אַפילו אַ בלינדער שוין ווערן —
ניט שטאַרבן אין מיר ס׳וועלן אַלע באַגערן:
די אויערן מיינע אָנשטאָט אַ לאַמטערן
די קלאַנגען דערטראָגן כ׳זאָל קאָנען זיי הערן,
און צונג וועט אין נויט ווי אַ שליסל מיר דינען
כ׳זאָל קאָנען מיט לעבן פאַרבינדונג געפינען —
דאָס רעכט פון מיין זיין כאָטש פיל־ווייניק באַזינען.

נאָר ווען ס׳וועט דאָס האַרץ אינם גוף אינם קנאַפּן
שוין אויפהערן אויך זיך באַוועגן און קלאַפּן,
און וויפל מען זאָל שוין ניט זוכן, ניט טאַפּן,
אַ סימן פון לעבן וועט שווער זיין צו כאַפּן, —
דערגרייכט, וועל איך וויסן, איז די לעצטע מדרגה;
אַזוי איז דער אייביקער ערדישער שטייגער —
דאָ העלפט ניט קיין בעטן, דאָ העלפט קיין סניגור —
און אָפּשטעלן ווען ס׳איז מוז אויך זיך אַ זייגער...

15טער אָקטאָבער, 1963

***

איך וועג ניט אין גאָלד מיין פאַרמעג
און צייל ניט פון לעבן די טעג;
איך מעסט ניט מיט שפּאַן מיינע טריט,
די שעה׳ן פון שווערן און לייכטן געמיט.

איך וועק אין זכרון ניט טעג פון אַמאָל
און לייג זייער ווערט ניט אַרויף אויף דער שאָל;
איך זוך ניט צו מאַכן קיין צווישן־פאַרגלייך
פון שריט — צי געווען זיינען קרום אָדער גלייך.

איך זוך ניט צו וועקן דעם עבר פון שלאָף,
ווי איצטער געווען וואָלט פון אַלץ שוין דער סוף:
איך לעב און איך אָטעם און זאַפּ איין דעם היינט,
און בענטש נאָר די זון, וואָס פאַר מיר אויך זי שיינט...

דעם 7טן יולי, 1965

# אויף וואַקאַציע

זייט געגריסט, איר גרינע פעלדער,
פייגל, באַרג און טייך —
נאָכן שווערן קאַלטן ווינטער
ווידער כ׳בין צוגאַסט ביי אייך.

אויך אין שטאָט קען זיין דאָס לעבן
גאָרניט אַזוי גרוי,
נאָר ס׳איז קיינמאָל ניט דער הימל
ווי ביי אייך דאָ אַזוי בלוי.

ס׳וועקט פאַרטאָג מיך אויף אַ פויגל —
ווי געגערעדט וואָלט ער צו מיר:
— שלאָפן קענסטו דאָך אין שטאָט אויך —
דאָ נעם בעסער אַ שפּאַציר.

און דער באַרג, ער רייסט די אויגן:
קלער ניט מער פון שטאָט און היץ —
ווילסטו לופטיק, קיל זיך פילן,
קריך אַרויף, דערגרייך מיין שפּיץ.

און דער טייך — ער מורמלט, סוד׳עט:
כ׳האָב אַזויפיל פרייד פאַר דיר! —
זיידן גראָז אויף שטילע ברעגן
טרוימען וועקן אָן אַ שיעור.

און די פיש פון וואַסער ווינקען:
זע, ווי פריי מיר שווימען אום! —
גראַציעז אין אונזער האַלטונג,
פריילעך־שפּילעוודיק, כאָטש שטום.

און די וואַסער־בלעזלעך רייצן:
נעם אַ שווים, זיך טו אַ טונק! —
וועסט די עלטער באַלד פאַרגעסן,
ווי אַמאָל זיך פילן יונג.

און אַ שיפל אויף די וועלן
וועט דיך וויגן, טראָגן ווייט —
צו דער קינדהייט אַזש פאַרטראָגן,
צו דיין שענסטער לעבנס־צייט.

---

ס׳וויגט די לופט מיך ווי אַ קינד איין,
אויפן גראָז איך צי זיך אויס;
כ׳מאַך די אויגן צו און ווער אַנדרעמלט —
ווי אַמאָל אויף מאַמעס שויס...

25טער יוני, 1964

# דער באַרג

פאַר מיינע אויגן שטייט אַ ריז —
כ׳געדענק אים שוין אַזוי פיל יאָרן!
זיין שפּיץ גלייך ווי אַן אַנגעשטעלטער שפּיז
אין די וואָלקנס ווערט פאַרלאָרן.

זומער־איין, זומער־אויס דער זעלבער גרין,
זינט איך געדענק אים גאָרניט אַלט געוואָרן;
שטייט פאַרטראַכט מיט טיפן זין,
מיט חכמה אָנגעפּילט פון יאָרן.

איז ער אויך אַמאָל געווען אַ קינד?
האָט אים ווי מיך אַ מאַמע ווען געבאָרן?
ס׳רירט אים קיינמאָל ניט דער ווינט,
זיין ביימער־קוטשמע שטענדיק גלייך געשאָרן.

וועט ער אַמאָל אויך ווערן אַלט?
זיין רוקן פּונקט ווי מיינער אויסגעבויגן?
וועט שיטער ווערן ווי מיין קאָפּ זיין טיף־געדיכטער וואַלד?
וועט ער אויך צו דער צייט זיך מוזן בויגן?

עס שטייט פאַר מיר דער באַרג און רייצט מיין אויג:
אַזויפיל גבורה איז אין אים פאַראַנען! —
מיין קאָפּ פאַר אים הכנעה׳דיק איך בויג
און בין זיך מודה: כ׳בין אים שטאַרק מקנא...

11טער אָקטאָבער, 1963

# דער איינזאַמער פויגל

כמעט יעדן טאָג, באַלד פאַרנאַכט,
ווען עס האַלט די זון ביים פאַרגיין,
אַ פויגל אַ שטילער פון בוים שפּרינגט־אַראָפּ
און לעבן מיין גאַניק בלייבט שטיין.

ער צווישטשערט ניט, שפּרינגט ניט,
און זוכט ניט קיין ווערים אין גראָז —
אומעטיק וואַרפט ער די בליקן אויף מיר,
ווי איצטער געזוכט ער וואָלט אַנדערש גאָר וואָס.

קענטיק, אַן איינזאַמער איז ער, דער פויגל,
זיין טשאַטשע פאַרלאָרן, צעטיילט פון זיין פּאָר —
און אפשר אַ יעגער׳ס אַ קויל זי געטראָפן,
אָדער אַ הונט פאַרצוקט האָט זי גאָר.

כ׳קוק אויפן פויגל און טראַכט: ניט אומזיסט
קוקט ער אויף מיר אַזוי לאַנג —
עפּעס מוז ער דאָך דערוואַרטן פון מיר,
אין בליק זיינעם האַלטן אַ שטילן פאַרלאַנג.

וואָס קאָן איך טאָן, וואָס קאָן איך אים געבן? —
כ׳וואַרף ברעקלעך אים צו און שטעל וואַסער דערנעבן;
דער פויגל ער רירט זיך צו צו זיי קוים,
ווי אַנגיין איצט וואָלט אים — ניט עסן, ניט בוים.

קענטיק, ער בענקט נאָך גאָר עפּעס אַנדערש,
עפּעס ס׳זאָל שטילן זיין שווערן געמיט —
אָ! ווען כ׳קען נאָר אַ צייכן אים געבן,
אַז אין זיין איינזאַמקייט פיל איך אים מיט!...

2טער יולי, 1964

# דער יינגל ביים טייך

(באַלאַדע)

געקומען אַ אינגל פרימאָרגנס צום טייך
און רואיק געזעצט זיך ביים ברעג;
פאַרוואָרפן זיין ווענטקע אין וואַסער האָט גלייך
און וואַרטן גענומען אויף פאַנג פון געיעג.

געווען דער פרימאָרגן איז וואַרעם און פריש,
דער אינגל אין טייך האָט געקוקט:
געוואַרט צו דערזען, ווי פון ערגעץ אַ פיש
זיין ווענטקע פאַרטשעפּעט און ווערעמל צוקט.

געווען איז דאָס גראָז נאָך פייכטלעך פון טוי,
דער הימל געראָוויטלט זיך קוים;
געווען איז דאָס וואַסער דורכזיכטיק בלוי —
דער אינגל פאַרוועבט אין אַ טרוים.

ערגעץ זיין מיידל מוז שלאָפן נאָך איצט —
אַ צאַרטע אַזאַ און אַ שיינע איז זי!
חנ׳עוודיק־שוואַרצע זי אויגן באַזיצט
און באַקן צערויזטע, ווי בלומען אין בלי.

קומען ער וועט פון וואַקאַציע צוריק
און גלייך וועט ער לויפן צו איר:
דערציילן פון וועלדל, פון טייך ביי דער בריק,
און בילדלעך געבראַכטע — פאַר אַ סואווּעניר.

נאָר ווען ס׳האָט דער אינגל אַזוי זיך פאַרטרוימט —
זיין בליק איז געלאָפן פאַרוים! —
דאָס וואַסער אין טייך האָט זיך פלוצים צעזוימט
און אַ פישל אַ קליינס איז פון דאָרטן אַרויס.

דאָס פישל מיט ווייטאָג אויף אים האָט געקוקט,
די אויגן צעעפנט אין גרויל:
דאָס שפּיציקע דרעטל, וואָס עס האָט פאַרצוקט,
געשניטן, געבלוטיקט דאָס מויל.

דאָס פישל געקוקט אויף אים בייז און מיט האַס
און מיט מענטשלעכן קול אים אַ פאָרוואורף געשיקט:
— פאַר דיר איז דער פאַנג בלויז אַ שפּיל און אַ שפּאַס —
ביי מיר ווערט אַ לעבן אויף אייביק צעפליקט.

— קענסט ניט פאַרגרעסערן אייגענעם גליק,
ווען נעמסט־צו ביי יענעם פאַר זיך זיין טייל:
קער שנעל צו דיין מיידל אום זיך צוריק,
און פון דיינע מעשים איר אָפן דערצייל...

דער אינגל האָט פּלוצלונג שטאַרק זיך פאַרשעמט,
זיין אייגן געמיט איז געוואָרן אים שווער;
געוואָרן דער טייך איז אים ווייט און פאַרפרעמדט,
די ווענטקע די נייע — צו וואָס דאַרף זי ער?

פאַרוואָרפן די ווענטקע ער האָט מיט אַ שמייץ,
ווי זי וואָלט געווען פאַר אים איצטער אַ שטער —
זיך געלאָזן אַהיים, ווי געיאָגט פון אַ בליץ,
מיט אַ פעסטן באַשלוס: ניט נוצן זי מער.

פאַרוואָרפן די ווענטקע, פאַרשליידערט דעם קאָרב:
ניט פאַר דעם וועט ער נוצן דעם טייך! —
אַראָפּ איז אַ שווערער פון פלייצע אים האָרב,
און קוקן זיין מיידל אין פּנים ר׳וועט גלייך...

25טער פעברואַר, 1965

# גאָלד אַ שטיק...

ס'האָט געטראָפן מיך אַ גליק:
כ'האָב געפונען גאָלד אַ שטיק
אויף מיין פענצטער הענגען;
ניט געהערט און ניט געזען:
ווי אַזוי, פאַרוואָס און ווען
זאָל עמיצער צו מיר עס ברענגען.

נעכטן אָוונט כ'האָב מיין שויב
אָפּגעווישט פון טוי און שטויב —
מאָרגן זאָל עס בעסער גלאַנצן;
איז, ווייזט אויס, די מאָרגן־זון
האָט זיך שטאַרק דערפרייט דערפון
און געשיקט אַ שטראַל אירן דאָרט טאַנצן.

וואָס די אורזאַך זאָל ניט זיין:
ס'איז מיין צימער פול מיט שיין —
ווי גאָלד אַ שטיק וואָלט ווער פאַרלאָרן;
ניט געהערט און ניט געזען:
ווי אַזוי, פאַרוואָס און ווען —
נאָר כ'בין פלוצלונג רייך געוואָרן...

15טער יאַנואַר, 1965

# ווינטער

פעלדער פֿאַרשנייטע,
פון מענטשן פֿאַרלאָזטע;
וועגן צעדרייטע,
גליטשיק־פֿאַרגלאָזטע.

דער וואַלד אַ בית־עולם,
דיביימער סקעלעטן;
די סטעזשקעס אַבלים —
נישטאָ ווער ס'זאָל טרעטן.

און ווינטן צעהוליעט
מיט בייזע געשרייען —
אַ נעסט וואו פֿאַרטוליעט
מיט רוגזה פֿאַרשנייען.

ווי וועלן זיי וואָלטן
דאָס לעבן באַשטראָפן —
פֿאַר אַ חוב ניט באַצאָלטן
פֿאַרוויגן אין שלאָפן.

ליגט אַלץ ווי געפֿאַנגען,
דעם אָטעם פֿאַרטייעט;
געשמידט ווי אין צוואַנגען —
מענטש, פֿויגל און חיה...

22טער דעצעמבער, 1964

# אַרבעט

פאַרדעקט האָט ערד אַ טיפער שניי,
וואָס געפאַלן גאַנצע טעג,
און פאַרווישט אין זיין געדריי
יעדן צייכן פונם וועג.

געקומען באַלד נאָכדעם אַ פראָסט,
געלייגט זיין שטעמפל קאַלט און האַרט;
אַ ווינט — די רינשטאָקן פאַרבלאָזט
און טיכטיק יעדעם גריבעלע פאַרשאַרט.

געבליבן אָפּגעריסן הויז פון הויז —
אַזאַ שרעקלעכער פאַרדרוס!
נאָר אַ קוימען־רויכל וואו אַ בלוי'ס
געבראַכט פון שכן האָט אַ גרוס.

דערפילט האָט מענטש זיך איינזאַם, מיד —
אין שטוב אַליין בלויז מיט די ווענט!
איז ער דען אַן אינוואַליד?
און צי שוואַך — זיינע געזונטע הענט?

גענומען האָט ער לאָפּעטע און האַק,
אין דרויסן איז מיט האַסט אַרויס,
און גענומען דורכלייגן געשמאַק
אַ וועג פון זיין צו יענעמס הויז.

געוואָרן איז אַ סטעזשקע באַלד —
ער יאָגט פאַרענדיקן זי היינט!
זיין פּנים אויפגעפלאַמט, צעשטראַלט —
די אַרבעט גייט ווי זאַלבעניינט...

— — — — — — — — — — — — — —

דורכגעלייגט צו שכנים, פריינט
געוואָרן איז צוריק אַ וועג —
זיין פּנים פריידיק און צעשיינט:
אַרבעט — אַזאַ גרוים פאַרמעג...

11טער יאַנואַר, 1965

# מיין וואָרט

ס׳איז ניט שטאַרק געננג מיין וואָרט,
עס זאָל מענטשן נאָכרייסן און ציען,
עס זאָל וואָרצלען טיפע פלאַנצן דאָרט
און צו גרויסע מעשים זיי דערציען.

עס איז מיין שטים צו נידעריק און שוואַך,
כ׳זאָל קאָנען מענטשן פון שלאָף זייערן וועקן,
און ניט באַפליגלט איז געננג מיין שפּראַך
עס זאָל אַ ציטער אין זייער האַרץ דערוועקן.

עס פעלט מיין שטימע קלאַנג פון אַ טרומפּייט,
וואָס זאָל פון שלאָף זיי מאַכן אויפרייסן די אויגן,
און צו מיין וואָרט זיך צוהערן זיין גרייט
און זייער אויער מיט ערפורכט צו אים נויגן.

עס פעלט מיין שטים דער גרויסער שאַל,
וואָס געקלונגען האָט אין מויל פון נביא,
וואָס האָט געוועקט צו הויכן אידעאַל
און הילף געמאָנט — ניט צוגעטיילט ווי אַ נדבה.

כ׳וואַג ניט קיינעם דראָען מיט קיין שטראָף
און זאָג ניט צו קיין שווערע צייטן —
איך וואַג ניט קיינעם פאָרויסזאָגן דעם סוף,
אויב יענער וועט זיין שלעכטן וועג ניט בייטן.

נאָר כ׳פלאַנץ מיין וואָרט ווי קערנדלעך אין דר׳ערד
און וואַך שטיל איבער זיי ס׳זאָלן אויפגיין פולע זאַנגען —
ווער מיין שטים דערהערן ווען־עס־איז באַגערט,
דערפילן וועט אין איר די אויפריכטיקע קלאַנגען...

9טער פעברואַר, 1965

# די באַלאַדע פון מיין ליד

אָט פונקט ווי ערשט נעכטן כ׳געדענק זיך אצינד,
ווען איך בין געווען נאָך כמעט גאָר אַ קינד:
אַ אינגל אַ שטילער און אַלט אַ יאָר צען —
נאָר שטענדיק פאַרטראַכט און רק מיט דער פען.

ליב געהאַט לייענען האָב איך אַ סך,
און מערער ווי אַלץ אין דער אידישער שפּראַך;
שרייבן ניט ווייניק און שרייבן ניט סתם,
נאָר שטענדיק אין פערזן און שטענדיק מיט גראַם.

אין שטעטל געדאַרפט האָט מען דעמאָלט קיין סך:
גענוג געווען איינער זאָל זאָגן אַ שבח,
האָט זיך דער נאָמען באַלד שנעל פאַרשפּרייט
און יעדערער גלויבן געווען איז עס גרייט.

דאָס שטעטל געבענקט האָט נאָך עמיצן גרויס:
אַ מענטש ווייט־באַוואוסט פון זיין מיט זאָל אַרויס! —
פאַרגרעסערן זאָל אויף דער מאַפּע דעם פלעק
פון ליטווישן שטעטל אין ערגעץ אַ העק.

האָט לאַנג ניט גענומען און ז׳געוואָרן באַקאַנט,
אַז ס׳וואַקסט אינם שטעטל אַ יונג מיט טאַלאַנט —
און וואָס ס׳האָט געמיינט, קאָן בלויז יענער פאַרשטיין,
וואָס דורכגעמאַכט ענלעכס האָט ער אַליין.

יעדער געקוקט האָט מיט אַכטונג אויף מיר
און שטאָלץ געווען קומען אין קלענסטן באַריר;
געשענקט האָט אַ בליק מיר אַפילו דער גביר —
אַ קלייניקייט עפּעס: דאָס שטעטל כ׳באַציר!

געווים האָט געשמייכלט אַזאַ מין באַנעם,
בפרט ווען געוואָקסן מיט אים איז מיין שם —
נאָר שטאַרקער פון אַלץ געווען איז, מיר דוכט,
וואָס ביי מיידלעך געשניטן פון דעם כ'האָב די פרוכט.

געוואָרן ביי זיי בין איך פשוט אַ גאָט:
מיין וואָרט איז געוועזן פאַר זיי אַ געבאָט;
די אינגלעך פון שטעטל אין אַ ווינקל פאַרשטופּט —
ניט איין האָרץ צעריסן, ניט ווייניק געצופּט.

ניט אַלע פאַרשטאַנען די אידישע שפּראַך,
נאָר געדאַרפט האָבן זיי סיי־ווי קיין סך:
געקוקט אויף מיר יעדע מיט אויגן פול לעכץ,
באַגלייט יעדעם ליד מיינס אַזש מיט אַ קרעכץ.

נאָר דאָך האָט געפעלט צו מיין גליק מיר אַ שפּריץ,
וואָס אייגנטלעך דאָס איז געווען דאָך דער שפּיץ:
וואוהין מיינע לידער כ'האָב ערגעץ געשיקט,
האָט די רעדאַקציע צוריק זיי געשיקט.

דער ענטפער געווען: איר זייט נאָך צו־יונג,
האַלט־אָן אין זיך און אַנטוויקלט דעם פונק. —
און זיין וואָלט דאָך דעמאָלט אינגאַנצן גענוג
צו זען פון מיין ליד כאָטש איין שורה געדרוקט.

געהאַלטן פון אַלע דעם סוד האָב פאַרשטעלט:
מיין נאָמען דורך דעם זאָל ניט ווערן פאַרשמעלט;
נאָר אין זיך מיין שטאָלץ — פאַרוואונדעט און בלאַס:
עס האָט צו דער גאַנצקייט געפעלט נאָך אַ פּאַס...

———

אַריבער פון דעמאָלט שוין יאָרן אַ סך —
די וועלט האָט געליטן אַ קראַך נאָך אַ קראַך;
באַברילטע די אויגן, באַזילבערט מיין קאָפּ,
און זעקלעך פון באַקן עם הענגען אַראָפּ.

איך בין איצט אַ דיכטער שוין לאַנג אָנערקענט,
זוך ניט פון קיינעם קיין לויב-קאָמפּלימענט;
לידער ניט ווערן צוריק מיר געשיקט,
און אָפּטמאָל אַפילו מען ווערט גאָר אַנטציקט.

נאָר די פרייד פון אַמאָל נישטאָ איז שוין מער:
די מיידלשע אויגן מיט פונק פון באַגער;
דער אייגענער שטאָלץ מיטן אייגן טאַלאַנט
אויך שוין ניט מער ווי אַמאָל איז געשפּאַנט...

דאָס אויג קוקט אין צוקונפט אָן ציטער, אָן רייץ —
אויסגעשפּרייט ליגט זי פאַר יעדן אַ גרייטס;
אויך מיך, איר באַזינגער — איך בין ניט גענאַרט —
די צוקונפט די זעלבע שפּעטער דערוואַרט...

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז די באַלאַדע, דער וועג פון מיין ליד,
און גלייכצייטיק אויך, פון מיר אַלם איר שמיד:
זי האָט מיר מיין לעבן באַקרוינט און באַזינט,
און זיכער אַ פּלאַץ אין מיין בוך זיך פאַרדינט...

1טער מערץ, 1965

# איך ווייס...

איך ווייס: איך בין ניט יהושע בן־נון
און קאָן ניט פאַרהאַלטן דעם טאָג אין זיין גאַנג,
אַז לענגער ווי שטענדיק זאָל שיינען די זון
און שפּעט ווי נאָר מעגלעך זאָל זיין איר פאַרגאַנג.

איך קאָן אויך די צייט ניט פאַרהאַלטן,
אַז אייביק זאָל פרילינג נאָר זיין,
און אויפוועקן מיך אַ צעשטראַלטן
זאָל זון יעדעס מאָל מיט איר שיין.

די יוגנט פאַרגיין זאָל ניט איילן,
ניט אויסלעשן זיך פון מיין בלוט:
די יאָרן ווי ליכטיקע זיילן,
ווי שטערן — אַ יעדע מינוט.

עס פאָלגט ניט די צייט מיין פאַרזאָג,
מיין וואונטש ווערט פון איר ניט געאַכט —
עס רוקט זיך פּאַמעלעך דער טאָג
און ביסלעכווייז פאַלט־צו די נאַכט...

# אויף דער עלטער

שטיל איז די עלטער,
אָן שטורעם, אָן דראַנג;
רייף איז דער מוח
און קלאָר דער געדאַנק.

און צייט אויך אַזויפיל
איז פרייע פאַראַן —
אַ חשבון צו מאַכן
פון לעבנס-געשפּאַן.

זיצט מען אין צימער
פאַרשלאָסן אין זיך,
דערמאָנט מען זיך בילדער —
אַ שטריך נאָך אַ שטריך.

קומען-אויף בילדער
פון יאָרן צוריק —
אַ לעבן צעוויקלט
אַ שטיק נאָך אַ שטיק.

אין לעבן מינוטן
פאַראַן אַלערליי:
גרויע ווי וואָלקנס
און ווייסע ווי שניי;

פאַרטרונקען אין זאָרגן,
פאַרפולטע מיט פרייד —
דערנער און רויזן
אויף זעלביקער קווייט.

שווימען-דורך צייטן
פאַרלאָשן, אָן ליכט —
אַ וואָלקן צעשפּרייט זיך
אויף אַלטן געזיכט.

און גייען-דורך שעה׳ן
פאַרהילטע אין פרייד —
אַ ליכטיקער שמייכל
אויף פנים זיך שפרייט.

מישן צוזאַמען
זיך טרויער און גליק —
געווען ביידע גייער
אויף זעלביקער בריק;

שטעמפלען זיך ביידע
אויף פנים איצט אָפּ —
אין רונצלען אין טיפע,
אין שאָקלען פון קאָפּ...

7טער אויגוסט, 1965

***

עס איז אמת: מיינע יאָרן איך באַהאַלט
און זאָג קיינעם ניט, וויפל איך בין אַלט;
נאָר, ווייזט אויס, שווער די עלטער צו פאַרשטעלן
און אין שטילן גאַנג די מידע טריט פאַרשנעלן.

קום איך וואו אַריין, ווערט אַ שטול דערלאַנגט מיר גלייך,
וויפל פון דעם כבוד כ׳רוק זיך אָפּ און ווייך;
נאָר אויב נאָך ווי-עס-איז מען קאָן רונצלען אויסגלעטן און קאַרבן,
פאַרדעקן קאָן מען ניט קיין נאַקעט-גלאַטן שאַרבן...

און אויב מיין אייגן ליידן איז נאָך קנאַפּ,
גריסט יעדערער ניט אַנדערש מיך, ווי מיטן נאָמען „פּאַפּ",
און וואָס עס זאָגט מיר מער, פון וואָס צום מיינסטן איך אַנטלויף —
ווען אַ יונגע פרוי איר פּלאַץ טרעט אָפּ און שטעלט זיך פאַר מיר אויף...

13טער אָקטאָבער, 1965

# די רעטעניש

אַ רעטעניש לאַנג איז געשטאַנען פאַר מיר,
געמאַטערט, געררייצט מיין געדאַנק:
געלעגן מיין צוקונפט באַהאַלטן אין איר,
ווי אין אַ פאַרשלאָסענער שראַנק.

ווי וועט זיך מיין לעבן אַנטוויקלען פאַר מיר? —
אין וואָס פאַר אַ ריכטונג זיין גאַנג?
וועט זיין עס אַ לייכטער און גלאַטער שפּאַציר,
מיט דינער שטיין גרייטע פאַר יעדן פאַרלאַנג?

אָדער אַ באַרגיקער וועג גאַר פאַרקערט,
מיט זון ווי דורך נעפּל צעבלייכט? —
מיט צענדליקער זאַכן שטענדיק באַגערט
און קיינמאָל קיין איינע פון זיי ניט דערגרייכט?

געמאַטערט מיך לאַנג, געוואַקסט אין מיין קאָפּ
די פראַגן, ווען כ׳בין געווען יונג;
גענישטערט דעם ענטפער ווי דורך מיקראָסקאָפּ,
געגלעט יעדן אַנדייט און וואונק.

אַצינד איז דער ענטפער שוין לאַנג פאַר מיר קלאָר —
כ׳מוז נעמען אים מוטיק און דרייסט:
עס שטייט פאַר מיר אָפן פון לעבן מיין וואָר —
די רעטעניש לאַנג שוין געלייזט.

נאָר אויפגעוואַכט האָט ערשט אַ נייע ביים טיר
און מאַטערט און מוח באַשווערט:
איך וויים, וואָס געוועזן איז פריער מיט מיר —
נאָר וואָס פאַר אַ סוף איז מיר שפּעטער באַשערט?..

26טער אויגוסט, 1965

# ניט שוין־זשע?..

ניט שוין־זשע איז אַלץ אין מיר פאַרגאַנגען:
אַלע בענקשאַפטן, פאַרלאַנגען,
שטרעבונגען און דראַנגען,
זוכונגען און צווייפל,
וואָס געמאַטערט האָט אַזויפיל —
און געבליבן בלויז דאָס גריבלען
אין אַמאָליקע זכרונות
ווי אין אַלטע שמות,
און פון טיפעניש דאָרט אויסצודריבלען
די לאַנג־פאַרגעסענע יוגנטלעכע יאָרן;
און ווי פון אַן אַלבאָם־בוך אַן אַלטן
אויפזוכן פאַסירונגען, געשטאַלטן,
וואָס זיינען לאַנג געווען באַהאַלטן
און געדרעמלט אין זכרון?

ניט שוין־זשע איז דער מוח פוסט,
אויסגעהוילט פון יעדער לוסט;
דאָס ליכט ווי דורך אַ שפּאַלט,
דער פרילינג גלייכגילטיק און קאַלט,
דאָס עסן ביטער און פאַרגאַלט,
און אַ שווערע שטימונג אָפט באַפאַלט:
איז דאָס דער סוף און אַלץ צעפאַלט? —

ניט שוין־זשע בין איך טאַקע אַלט?..

4טער מאַי, 1964

# אַ דור פאַרגייט...

די טעג, דאַכט זיך, ווי אַלעמאָל געווען:
ווי שטענדיק פונקט די זון עס שיינט —
נאָר עפּעס וואָס, ווייזט אויס, איז פאַרט געשען:
באַגעגענען מיר שווער אַן אַלטן פריינט.

די גאַס, דאַכט זיך, מיט מענטשן פול,
נאָר פרעמדע אַלץ, וואָס קיינעם ניט איך קען;
איך טרעף ניט מער חברים נאָך אַמאָל פון שול,
כ'זאָל קאָנען זאָגן: ווי לאַנג זיך ניט געזען?

פוסטער ווערט די באַנק אין פּאַרק אַ יעדעם מאָל
מיט אַ מיטגליד פונם אַלטן דור —
עס ווערט אַלץ קלענער זייער צאָל
און שיטערער פון יאָר צו יאָר.

איך בלאָנדזשע־אום האַלב־איינזאַם און אַליין,
ווי אַ פאַרוואַלגערט רינג פון אַן אַלטער קייט —
איך הויב־אָן ביסלעכווייז דעם סוד פאַרשטיין:
אַ דור קומט־אָן, אַ דור פאַרגייט...

13טער נאָוועמבער, 1963

# דער קאַלענדאַר

עס ציט מיין אויג צו זיך דער נייער קאַלענדאַר,
וואָס מיין אייניקל צו ניי-יאָר אַ מתנה מיר געבראַכט:
ווען מען איז שוין אַלט און ווייט גאָר ניט קיין גבר,
מוז דער געדאַנק ניט ווילנדיק בלייבן שטיין פאַרטראַכט.

עס ציילט דער קאַלענדאַר די טעג און יאָרן —
יעדנס עלטער האַלט פאַר זיך פאַרטרויט:
ער ווייס דעם טאָג פון יעדערנס געבאָרן,
נאָר האַלט פאַרהוילן טאָג פון יענעמס טויט.

און דער-אַ טאָג איז זיכער דאָך פאַראַן,
אין דעם-אַ קאַלענדאַר, צי אין וועלכן שפּעטער:
ווי לאַנג עס זאָל ניט דויערן דער שפּאַן,
דאָך ווען-עס-איז אויף זיכער — שוין קומען וועט ער.

עס זיינען אינם יאָר פאַראַן געציילטע צייטן פיר,
חדשים צוועלף און זיבן טעג אין וואָך —
איז וועלכער דאָך פון זיי פאַרגרייט פאַר מיר,
וואָס וועט אין לעבן מיינעם זיין דער איבערבראָך?

אין גאַס כ׳באַגעגן מענטשן אָן אַ שיעור,
ס׳פאַלט קיינעם גאָרניט איין און קיינער פון זיי קלערט —
נאָר ס׳וועט דאָך ווער אַ חבר זיין צו מיר,
ווען מען טאָג דערזעלבער — און אפשר אויך גאָר שעה — איז באַשערט.

יעדן טאָג איך בענטש, מיט פרייד איך אים באַגעגן,
כל-זמן ס׳אויג זיך צאַפּלט, גלויב איך אַלץ און האָף —
נאָר איך ווייס: אין אַ טאָג אַוועלכן מיט אַלעם זיך כ׳געזעגן
און קומען וועט ווי יעדנס אויך מיין באַשערטער סוף...

13טער נאָוועמבער, 1963

# געפאַלן אַ דעמב...

(אויפן פרישן קבר פון מיין שוועגערין בליומע פיינשטיין)

געפאַלן אַ דעמב,
צערודערט דעם וואַלד —
אין טרויער פאַרהילט
געוואָרן ער באַלד.

די פייגל פאַרשטומט,
אַנטשוויגן געזאַנג:
קיין צוויטשער, קיין טרעל,
קיין הויך פון קיין קלאַנג.

פאַרוואָלקנט די זון,
פאַרנעפּלט איר שיין;
דער הימל פאַרגרויט
אין וויטאָג און פּיין.

און מענטש, אין פאַרלוסט —
די אויגן אַראָפּ:
צו וועמען נישטאָ
מער הויבן דעם קאָפּ.

מיט קלאַנגען פאַרשטומט,
מיט זון, וואָס ניט שטראַלט,
אָן דעמב, אָן דעם ריז,
פאַר'יתום'ט בלייבט וואַלד...

5טן סעפּטעמבער, 1965

# ט ו י ט

טויט...
וואָס איז אַזוינס טויט? —

לאַבירינטן פינצטערע
מיט טויזנט שמאָלע דורכגאַנגען,
וואָס פירן בלויז אַריין
און קיינמאָל ניט אַרוים? —

אָדער כּף הקלע קעלערן,
טיפע קאַרצערן פאַרשפאַרטע,
וואָס האַלטן צוגעשמידט דעם מענטשן
מיט טויזנט גראָבע קייטן
און לאָזן קיינמאָל אים ניט אָפּ פון זיך? —

אָדער לופט-כוואַליעס געדיכטע,
ווי סמאָלע פינצטערע און שוואַרצע,
איבער וועלכע ס'שוועבן גייסטער
פון בראשית-מענטשן אָן
ביזן לעצטן, נעכטן —
שוועבן אום אין טויטער שטילקייט
אָן אַ זין און אָן אַ סוף? —

אָדער טויט איז איבערגאַנג
פון לעבן ערדישן צו הימלישן:
מיט פריידן נייע אומגעזעענע,
מיט ליידן נייע אומגעליטענע,
מיט וועלטן פרעמדע ניט באַגעגנטע,
מיט חושים ניט באַנומענע,
מיט ריכטונגען איינזייטיקע,
וואָס פירן קיינמאָל ניט צוריק? —

וואָס איז אַזוינס טויט?

18טער אָקטאָבער, 1963

# די גרענעץ

די גרענעץ צווישן לעבן און דעם טויט
איז קיינמאָל ניט פאַרצאַמט מיט קיין שטעכעדיקן דראָט;
ס׳טיילט זיי ביידן ניט פאַנאַנדער ניט קיין גראָבן, ניט קיין פּלויט —
פון איינעם ביז צום צווייטן איז אָפּטמאָל בלויז איין טראָט.

ס׳שטייט ביים גרענעץ ניט קיין וועכטער אויף דער וואַך,
וואָס אַ פּאַס זאָל פרעגן, און קיינעם ניט פאַרהאַלט —
פריי און אָפן איז פאַר אַלעמען דער שליאַך,
און ס׳שפּאַנען איבער אים אַן אויפהער יונג און אַלט.

נאָר כאָטש דער וועג פאַר אַלעמען איז פריי,
גייט יעדער איינער בלויז אַהין און קיינמאָל ניט צוריק,
ווי ס׳וואָלט געווען אַן אָפּגעמאַכטער תנאַי,
אַז יעדער איינער מוז פאַרברענען הינטער זיך די בריק.

און גייט די גרענעץ ווער אַריבער, וויים ער שוין אַליין,
אַז ס׳וועט ניט העלפן אים ניט קיין געבעט און קיין געוויין —
און מעג זיין האַרץ דאָך אין חרטה ווי פאַרגיין,
וועט צו קיינעם קיינמאָל זיין אַנגסט דאָך ניט דערגיין...

16טער יאַנואַר, 1964

# געווען אַמאָל אַ מענטש...

געווען אַמאָל אַ מענטש —
און איז ניטאָ מער...

געווען אַמאָל אַ מענטש:
געלעבט, געשטרעבט,
גע׳חלומ׳ט און געוועבט;
געהאָפט, געטרוימט,
אויזאָרן זיך געזוימט;
גע׳רעש׳ט זיך, געשוימט,
געיאָגט זיך און געזוימט;
געפילן אויסגעטרוימט,
גענערט זיי און געצוימט, —

געווען אַמאָל אַ מענטש —
און איז ניטאָ מער...

געווען אַמאָל אַ מענטש:
געטראַכט, פאַרטראַכט,
און פּלענער אויסגעמאַכט;
גע׳חשבונ׳ט און באַשטימט,
געגלויבט, אַז אַלצדינג שטימט:
אַזויפיל און אַזויפיל —
דאַכט זיך גאָר אָן צווייפל;
געריסן זיך, געצילט —
און ענדלעך דאָך פאַרשפּילט...

געווען אַמאָל אַ מענטש —
און איז ניטאָ מער...

געווען אַמאָל אַ מענטש:
געליבט, געאַכט,
אַנטוישט זיך און פאַראַכט;
געהאַסט, געשפּאַסט,
געטוליעט און גע׳כעס׳ט;
געוויינט, געלאַכט,
גע׳מוסר׳ט און גע׳שבח׳ט;
פאַרגעבן, געווען מוחל,
געצאָרנט און געשמייכלט,

געווען אַמאָל אַ מענטש —
און איז ניטאָ מער...

געווען אַמאָל אַ מענטש:
געשטרעבט, געזוכט,
געפונען און פאַרזוכט —
אַמאָל געבענטשט, אַמאָל געפלוכט;
געגריבלט זיך, געפאָרשט,
געטרונקען און געדאָרשט;
געזוכט דערגיין פון אמת
כאָטש אַ קליינעם רמז;
געוואָלט עפּעס פאַרשטיין,
נאָר אין מיטן — פונקט געבליבן שטיין...

געווען אַמאָל אַ מענטש —
און איז ניטאָ מער...

22טער יולי, 1964

# די טויטע שלאַנג

אַ טויטע שלאַנג איז אויפן וועג געלעגן
און מחנות פליגן האָבן זי באַזעצט. —
אָ, ווען זי קאָן זיך נאָר באַוועגן!
קיינער וואָלט דעם אָלטן כלל דאָן ניט פאַרלעצט,
אַז אַ שטאַרקן — מעג ער מיט זיין בים פאַר׳סמ׳ען,
וועט קיינער אָפן ניט וואַגן צו פאַרדאַמען;
און קיינער וועט זיין קאַרק ניט וואַגן ריזיקירן
מיט אים זיך אויסצו׳טענה׳ן, דיסקוסיעס צו פאַרפירן,
און אָפן אויסשרייען: — „אַזאַ גאָר רעספעקטירן?"
נאָר אָנשטאָט וועט יעדער בויגן זיך אין דרייען
און צוגלייך מיט אַלע שרייען:
— „אָ, ווי טיף געאַכט! ווי הויך געשעצט!..."
נאָר ווען מען זעט דעם שטאַרקן אויף דער ערד שוין ליגן,
זיין כוח אויסגעשעפּט צולעצט,
וואַגן דאָן אַפילו שוואַכע פליגן —
אָן מורא אויף זיין קערפּער זיך באַזעצט —
ענדלעך דאָך נקמה אין אים נעמען
פאַר זיין הערשערישן יאָרנלאַנגן זיך באַנעמען,
און זויגנדיק זיין עקלהאַפטן בלוט
פילאָזאָפירן:
— מעג דער מעכטיקער ווי אונטערדריקעריש זיך פירן,
וועט ניט אויסמיידן די שטראָפנדיקע רוט
אַפילו ניט דעם ערגסטן, גרעסטן ברוט...

29טער יוני, 1964

# דער באַרימער

געווען אַמאָל אַ איד ביי אונדז אין שטעטל,
האָט ער ליב געהאַט זיך נאָר באַרימען.
מען וואָלט געקאָנט פון זיינע גוזמא'ס אויסשטעלן אַ צעטל.
אָן אַ ברעקל זיך פאַרקרימען
האָט ער געבראַכט ליגנס אָן אַ שיעור:
— זיין באָבעס עלטער-זיידע איז געווען דער גרעסטער גביר!
און שטאַמען שטאַמט ער פון דעם גרעסטן יחוס! —
דאָס קלענסטע איז ביי זיי געווען צו האָבן סמיכות...
און ווער פון זיי האָט ניט גע'פסק'נט דען קיין שאלות?..
און פלעגט ער ווען אַריינפאַלן אין גרעסערע התפעלות,
איז גאָר קיין מאָס געווען צו יעדן איינעמס מעלות...

געוואוסט האָט מען אין שטעטל פון זיין דער-אַ מידה
און געטראַכט: אַמאָל ביים זאָגן ווידוי,
ווען שטיין דער טויט וועט ביי זיין בעט —
וועט האָבן צוצוגעבן ער אָן אייגענעם, באַזונדערן על חטא...

נאָר אָט,
פּאַסירט עס האָט,
אַז זיין ווייב איז מיטאַמאָל שטאַרק קראַנק געוואָרן,
און געמוזט האָט ער זי פירן
אין דער גרויסער שטאָט,
פיליכט וועט מען זי קאָנען דאָרט קורירן.
נאָר, ווייזט אויס, יענע ניט געהאַט האָט נעבעך מער קיין יאָרן —
און צוריק אַהיים האָט ער געמוזט אַליין שוין פאָרן...

דערהערט פון אָט דעם אומגליק נעבעך, וואָס עס האָט געטראָפן,
איז דער עולם אים געקומען טרייסטן און מנחם-אָבל זיין;

געקאָנט האָט יעדערער איצט האָפן,
אַז אין דער שעה פון צער און פּיין,
וועט זיין צונג זיך אָפּהאַלטן פון רימען זיך און בלאָפן...
נאָר, ווייזט אויס, שווער איז אויסצוואָרצלען אַ חסרון,
מיט וועלכן אָפּגעלעבט מען האָט אַזויפיל יאָרן.
און וועלנדיק דערציילן פון זיינע גרויסע וואונדן,
האָט ביסלעכווייז די צונג זיינע זיך פריי צעבונדן,
און ווידער האָבן גוזמא׳ס זיך גענומען שיטן —
אַז גאָט אַליין זאָל זיך מרחם זיין און היטן...

---

ווייזט אויס, טאַקע שווער איז אויסצוואָרצלען אַ חסרון,
מיט וועלכן איינגעלעבט מען האָט זיך זינט מען איז געבאָרן...

12טער יולי, 1964

# די לאַנד־סוחרים

אַ איד האָט אויפן וועג אַמאָל שפּאַצירט
און צו אַ שמועס צוגעהערט זיך, וואָס צוויי אַנדערע האָבן געפירט.
דער איד איז אַ מלמד גאָר געווען.
נאָר פון דער היץ און פון דעם ברען,
מיט וועלכן ס׳האָבן איינגע׳טענה׳ט יענע,
האָט ער גלייך געקאָנט דערקענען,
אַז פון קיין תורה איז דאָ ניט געווען די רייד —
ווייל דיביידע האָבן זיך גאָר שטאַרק פאַרשפּרייט
וועגן דעם ווערט פון לאַנד...

— לאַנד — האָט איינער אָפּגעשטעלט זיך, האַלטנדיק דעם צווייטן
ביי דער האַנט —

איז גוט צו האָבן נאָר אין שטאָט,
וואו יעדער אינטש און יעדער טראָט
איז מיט גאָלד צוגלייך...
אין די בערג אָבער — ניטאָ גאָר קיין פאַרגלייך!
קענסט אָפּלעבן אַ לעבן און ניט ווערן רייך...
פרייע לאַנד — וויפל נאָר דו ווילסט:
ניט געווינסט און ניט פאַרשפּילסט...
קאָנסט עם אָפּהאַלטן אַ גאַנצן לעבן
און ס׳זאָל קיין פּרוטה ריווח דיר ניט געבן...

— פונקט פאַרקערט —
האָט דער צווייטער זיך געוועהרט:
— אין שטאָט ביסטו נאָר עפּעס
און מען זעט דיך דאָרט אַרויס,
נאָר ווען דו ביסט רייך און גרויס —
אַז ניט ביסטו אַ לעפּיש...

אין דאָרף אָבער קען יעדער איינער זיין אַ קנאַקער:
פֿאַר אַ שיבוש קאָנסטו זיך דערשלאָגן
צו גאַנצע הונדערט אַקער —
און דערצו אַן אייגן הייזל נאָך פֿאַרמאָגן...

---

דעם ויכוח האָבן ביידע אויפֿן וועג געפֿירט מסתם נאָך לאַנג.
נאָר דער איד האָט ניט געהאַט דעם מינדעסטן פֿאַרלאַנג
צו אים זיך צוצוהערן.
פֿאַר אים איז שווער געווען פֿאַרשטיין די מאָדנע מענטשלעכע באַגערן:
פֿון דער ערד פּראָפֿיט אַרויסציִען און ווערן מיליאָנערן —
אין דער צייט, ווען די ערד דאַרף דינען גאָר מענטשן צו דערנערן...
לאַנד אין דאָרף, צי לאַנד אין שטאָט —
סײַ-ווי איז דער סוף: באַנקראָט...
ווייל דאָרטן, אויפֿן „גוטן אָרט"
איז שוין שפּעטער אַלץ פֿאַרשפּאָרט:
דאָרטן דאַרף מען ניט די ערד אין אַקער ציילן —
דאָרטן איז גענוג פֿאַר יעדן בלויז דריי איילן...

13טער יולי, 1964

# די באָבעס מיט די אייניקלעך

באַגעגנט האָבן פרויען זיך, וואָס האָבן לאַנג זיך ניט געזען.
פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז באַלד אַוועק אַ שמועס צווישן זיי
וועגן פריינט פאַרשיידענע און זאַכן אַלערליי,
וואָס זיינען דורך דער צייט געשען.
ביז אַרויפגעפירט דער שמועס האָט
(שוין אַן אַלטער ווייבערשער געבאָט)
אויף קינדער און אויף אייניקלעך. און דאָ עס האָט
זיך ביי יעדערער די צונג
געגעבן אַ צעשוואונג,
און אָן שום יעדער מי,
מיט גוואַלדיקער התפעלות,
געפלויגן זיינען מעלות
ווי טרעלן פון אַ סאָלאָוויי —
אַז כאָטש יעדערערס פון זיי,
נישט מער, נישט ווייניקער, וואַקסט זיכער אַ זשעני.

— ביי מיין זון, האָט איינע דעקלאַמירט,
זיינען אַלע קינדער טאַלאַנטירט.
דאָס פיצעלע אַפילו איז אַזוי געראָטן,
אַז דאָס וויינען אירס, קאָן מען זאָגן, איז אויף נאָטן...
און עס איז קיין ספק גאָר,
אַז נאָך עטלעכע געציילטע יאָר
און עס וועט אויסוואַקסן אַ „שטערן",
וואָס די גאַנצע וועלט וועט פון איר הערן...

— און מיין אייניקל, ווי כ׳זאָל ניט וועלן זיין באַשיידן —
אַ נאָמען נאָך מיין פאָטער, אַ ליכטיקן גן־עדן —
וואַקסט אַ וועלט־באַרימטער דיריגענט...
מען קאָן עס זען אין זיינע הענט:
וואַרפט מיט זיי אַזוי געשייט אין לופט,
ווי מיט אַ כאָר ער אָנפירן וואָלט שוין געפּרואווט...

— און מיינער, בין איך זיכער, וועט אַ גרויסער מאָלער זיין:
ווי נאָר ער קומט צו מיר אין שטוב אַריין,
ווערן אַלע ווענט מיט מענטשעלעך באַשמירט...
איך בין זיכער, אַז זאָל מען נאָר אַ פּענזל געבן אים אין האַנט,
קען ער אויסוואַקסן אַ גאָיאַ, צי רעמבראַנדט...
און ס'וועלן מיט די בילדער זיינע די ווענט פון די מוזייען זיין באַצירט...

די פרויען האָבן אַזוי לאַנג גערימט זיך און גערעדט,
ביז געכאַפּט זיי האָבן זיך, אַז עס ווערט שרעקלעך שפּעט.
און כאָטש לענגער בלייבן וואָלט אויף זיי געפאַלן איצטער שווער,
איז צעשיידן אָבער זיך — געוועזן פאַר זיי נאָך מער...
די מיילער זייערע אויף אַ מינוט זיך האָבן ניט פאַרמאַכט
און פון לאַנגן רעציטירן קיין האָר געוואָרן אָפּגעשוואַכט.
כאָטש פון יעדערערס באַרימען זיך און לויב
אַ יונג צוציקל אַפילו געקאָנט וואָלט ווערן טויב...

נאָר דאָ האָט אַ מאַן אַן עלטערער,
מיט גאָר אַ היפּש ביסל דערפאַרונג זעלטענער,
וואָס איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען
און צו ווערן ניט ווילנדיק דערגאַנגען
עם זיינען אָפּשניטן פון אָט די באָבישע „געזאַנגען",
האָט אַ פאַרלאַנג דערפילט זיי ענטפערן און ווי עס קומט „דערלאַנגען".

— באָבעס קלוגינקע, וואָס רעדט איר?
קאָן מען וויסן א י צ ט, ווי אויסוואַקסן עס וועט ווער שפּעטער?
אויב יעדערס איינינקל זאָל וואַקסן אַ זשעני,
טאָ ווער־זשע וועלן זיין עס די,
וואָס האָבן וועלן נ י ט מיט וואָס צו שמ'ען,
און וועמעס „וואונדער" צו דערציילן
ס'וועט נישט זיין נישט וואָס, נישט וועמען,
און די באָבעס וועלן אפשר דאַרפן זיך גאָר שעמען
מיט דער דורכשניטלעכקייט זייערער זיך טיילן?

— נאָר אויב אייער פּאַראויסזען זאָל טאַקע זיין אַפילו עכט,
און אין אייער נביאות-זאָגן זאָלט בלייבן ווי גערעכט —
איז דעמאָלט ערשט צרה׳דיק פאַר אייך און שלעכט.
ווייל אויב אַלע זאָלן אויסוואַקסן זשעניען,
וועט דאָך ניט זיין פאַר וועמען רימען זיך און אין די וואָלקנס פליען...
אַפּגעהאַקט פון אייך עס וועלן ווערן אַלע פרענדז,
און בלייבן בלויז וועט נאָר דאָס גאָנערן ווי גענדז...

— דערצו פאַרגעסט ניט נאָך אַ זאַך:
ווען איר אַליין זייט קינדער נאָך געווען,
די באָבעס אייערע דאָס זעלביקע אין אייך האָבן געזען
און וועגן אייך גענוצט די זעלבע שפּראַך —
איז דערפון עפּעס געוואָרן?
ס׳איז די באָבעס אייביקער חסרון...
ווען איר פאַרמאָגן זאָלט אַ שטיקעלע זכרון,
וואָלט איר שפּעטער גאָר אַנטוישט ווערן פאַרשפּאָרן...

---

דער מוסר-השכל פון דער פאַבל איז:
אַז אין געיעג נאָך רום
דער קליגסטער מענטש אַפילו עס קען ווערן דום.
און צופיל ריידן וועגן זיך אַליין
איז ניט נאָר, מילד גערעדט, ניט שיין,
נאָר אָפטמאָל גאָר עס שטערט;
ווייל דערגרייכט עס ווערט
פונקט דער פאַרקערטער ציל
פון דעם, וואָס יענער זוכט און וויל:
אַנשטאָט פרעסטיזש באַקומען און דורכדעם זיך וויכטיק מאַכן
שטויסט עס אַנדערע גאָר אָפּצולאַכן
און אין דער שטיל חוזק פון דיר מאַכן...

5טער אויגוסט, 1964

# דער גביר און זיין גאַסט

אַ איד אַ גביר,
אָנגעשטאָפּט מיט רייכקייט אָן אַ שיעור,
האָט איינמאָל איינגעלאַדן זיינעם אַ בן־עיר,
וואָס האָט פון רייכקייט ניט פאַרמאָגט קיין סימן,
צו זיך צוגאַסט —
צו קאָנען זיך פאַר אים מיטן פאַרמעגן זיינס אַ ביסעלע באַרימען.
גערעדט, געשמועסט, ווי עס פּאַסט,
פון קינדהייט און פון חדר,
פון באַקאַנטע און פון פריינט —
אַזוי כסדר,
ביז אַרויף דער שמועס איז אויף היינט.
דאָ האָט דער גביר שוין גאָר געהאַט אַ סך צו זאָגן:
— נישט צו פאַרזינדיקן... ער האָט זיך גאָרניט וואָס באַקלאָגן...
זינט ער האָט
פאַרלאָזט אַמאָל די שטאָט,
וואו ער איז געבאָרן,
און געלאָזט אויף גאָטס באַראָט
אַליין איבער דער וועלט זיך פאָרן —
איז ער דורך דער צייט היפּשלעך רייך געוואָרן...
און ווילנדיק פאַר זיין גאַסט זיך אויסצופּיינען
נישט נאָר מיט געטראַנקען און מיט וויינען,
האָט ער אים איבערן הויז גענומען פירן,
וואו פון די סטעליעס און די ווענט
רייכקייט האָט דאָס אויג געבלענדט,
און פון די קאַנדעליאַברעס דער קרישטאָל
מיט פייערלעך קאָלירטע גלאַנצן האָט שעמערירן.
נאָר זעענדיק, אַז דער גאַסט צומאָל
ווערט ווייניק פון דעם אַלעם וואָס נתפּעל,
און וואַזעס אַלערליי און טאַצן,
מיט קיין גאָלד גאָר ניט צו שאַצן,

קוקן־אויס ווי שפּילצייג אים אין קינדערשע מישמאַשן —
באַשלאָסן האָט מיט עפּעס אַנדערש וואָס אים איבערראַשן.
און אַריינפירנדיק דעם גאַסט זיינעם אין זאַלן,
וואו די ווענט באַדעקט געווען מיט מאָל־אָריגינאַלן
פון די גרעסטע מייסטער, —
האָט ער גלייך גענומען קלינגען מיטן טייסטער
און באַרימען זיך, אין וויפל יעדעס בילד איז אַ געפּרייזטער.
דעם גאַסט, ווייט אַליין ניט קיין פּראָסטאַק,
מיט אַ היפּשלעך פיינעם קונסט־געשמאַק
פאַר אַלץ וואָס שיין איז און איז ווערט צו שעצן,
האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסע אַכט,
ווען קינסטלערישע פּראַכט
מען האָט געפּרואווט אין געלט־ווערט איבערזעצן;
און אַ קונסטווערקס הויכער פּרייז
איז קיינמאָל ניט געווען פאַר אים קיין טאָפּלטער באַווייז
פון יענעמס הויכן קינסטלערישן ווערט.
צו זיין שכנ׳ס רייד
האָט ער כמעט זיך ווי ניט צוגעהערט,
און אָנשטאָט דעם מיט ניט־געמאַכטער פרייד
באַוואונדערט יעדעס בילד און מאָלער — ווי באַגאַבט:
יעדע ליניע, יעדער שטריך און יעדער קאַרב,
אין ניואַנסן פון קאָליר און פאַרב —
אַזש דאָס אויג פון זיי עס ווערט פאַרכאַפּט!
און ניט קענענדיק אַראָפּנעמען די בליקן,
האָט ער געהאַלטן זיך אין איין אַנטציקן
און גייסטיקע הנאה פון יעדן בילד געשעפּט,
ווי ער וואָלט איצטער אין אַן אַנדערער גאָר וועלט געשוועבט.

דעם גביר, דעם באַלעבאָס,
פון אייפערזוכט אַזש אָנגעכאַפּט האָט אַ פאַרדראָס.

— דו קבצן איינער — האָט ער בייז ביי זיך געטראַכט,
זעענדיק ווי יענער יעדעס פּיצעלע באַטראַכט
און אָפּט פון פרייד שרייט אויס: „וואָס פאַר אַ פּראַכט!"
— וואָס איז די שמחה דאָ מיט דיר אַזוי־אָ גרויס? —
האָט ער שוין אויפגערעגט
דעם גאַסט זיינעם געפרעגט:
— סיי־ווי הענגט עס דאָך ניט אין דיין הויז
און קאָנסט עס אָנקוקן נאָר אין געאייל —
ווייל ביסט אַ גאַסט נאָר אויף אַ ווייל...

— ווי קורץ, ווי לאַנג — עס מאַכט נישט אויס,
האָט איבערציינגנדיק דער גאַסט געזאָגט:
— וואָס נאָר שיינקייט עס פאַרמאָגט,
מיין גייסט רעגט־אָן און איך פאַרווייל
און עס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן, —
בעסער, ווי כ׳וואָלט אַליין געהאַט עס ביי זיך ליגן
און געהאַלטן זיך שטאַרק מיט דעם פאַרריסן,
נאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, ווי אַזוי פון דעם געניסן...

---

רייכקייט, צי אין געלט, צי גייסט,
האָט דעמאָלט נאָר אַ ווערט,
ווען נישט נאָר דיר אַליין געהערט,
נאָר אויך אַנדערע אַנטלייסט.
אַז ניט בלייבט עס ווי אין אַ קופערט ליגן
און מיט דער צייט פאַרדעקט ווערט עס מיט ראָסט, —
ניט עמיץ אַנדערש פון דעם געהאַט האָט פאַרגעניגן,
און ניט דו אַליין ווען־עס־איז דו האָסט...

8טער אָקטאָבער, 1964

# דער אַלטער פוקס און די נאָבעלע קאַץ

אַן אַלטער פוקס,
וואָס האָט נאָר-וואָס מיט אַ פּעטן הינדל זיך געזעגנט,
האָט אויפן וועג שפּאַצירנדיק אַן אַלט-באַקאַנטע קאַץ באַגעגנט,
וועלכע נאָר-וואָס פון געיעג איז אָנגעקומען,
וואו דורך דריי-פיר פלינקע שפּרונגען
האָט זי אַ פּאָר מייזעלעך אין איר קעציש מויל פאַרשלונגען
און געפילט דעם טעם נאָך זייער גוטן אויפן גומען —
אַ סימן, אַז דאָס מייזן- פלייש איז איר וואויל באַקומען.
זייענדיק איצט ביידע זאַטע און צופרידן,
האָבן זיי געפונען איצט אַ שעת-הכושר
אַ שמועס צו פאַרפירן
וועגן ברודערשאַפט און פרידן,
גערעכטיקייט, מאָראַל און יושר,
און ענלעכע פּראָבלעמען צו באַרירן.

— אַ שרעק, וואָס אויף דער וועלט גייט איצטער אָן ! —
די ערשטע האָט די קאַץ אָנגעשטעלט דעם טאָן :
— גנבה, גזלה, רויבעריי,
בלוט-פאַרגיסונג, מערדעריי,
פאַרגוואַלטיקונג און שענדעריי —
מיט אַ לייכט געמיט עס ווערט אַ לעבן אויסגעלאָשן,
פּונקט ווי אויפעסן אַמאָל אַ בייגל פאַר אַ גראָשן...
קיין אונטערשייד ניטאָ איז גאָר אַצינדער
צווישן עלטערע און קינדער :
ביידע ברעכן פרעמדע שלעסער,
און ביים זייט פאַרשטעקט אַ מעסער —
גרייט יענעם צו דערשטעכן...
נישט צו-גרויס קיין שום פאַרברעכן !

דאָך איז גוט נאָך, וואָס אויף אונז די צייט האָט ניט קיין שליטה —
ווי קאָן מען בלוט דאָס זען און ניט ווערן גאָר פאַרציטערט !
הערנדיק דאָס בלויז, ווערט מען דאָך דערשיטערט...

— און ביי אונז אין וואַלד מיינסטו איז בעסער ? —
האָט דער פוקס געוואָלט פילאָזאָפיש אַלץ דאָס נעמען :
— אויך דער וואַלד האָט זיך מיט גאָרנישט וואָס צו שעמען...
אויב עס ווערן ניט גענוצט ביי אונז קיין מעסער,
ווערן אָנשטאָט זיי ציין גענוצט און נעגל :
פון יעדן בוים, אויף יעדן שטעגל
געפאַר עס לױגט —
דער שטאַרקערער דעם שוואַכערן פאַרצוקט.
אמת : שווער מיט אַ מאָראַל אַזאַ צו לעבן,
נאָר מסתמא ווייסן זיי, אַז ס'וועט זיי גאָט פאַרגעבן...

נאָר דאָ, אין מיטן דעם געשפּרעך,
די קאַץ האָט אויסגערופן : — אַנטשולדיק, וואָס איך אונטערברעך...
כ'בין זיכער, ס'איז ניט קיין פאַרברעך
און ס'וועט ניט קיינער רופן מיך דערפאַר „צבועק" :
ס'איז פלייש פון אַ יונג פייגעלע אַזוי דאָך זיס, געשמאַק !..

— און איך, דאַכט זיך, דאַרף זע
נאָך אַ הינדעלעביים וועג...
זאָל איך זאָגן : פע ! —
צי פרעגן, צי איך מעג ?..
— נו, זיי געזונט. צום ווידערזען. אַדיע ! —
כ'מוז לאָזן שנעל זיך אויף געיעג...

און ביידע אַלטע פריינט,
ערשט, דאַכט זיך, מיט נאַבלקייט געשיינט,

פאַר איין־איינציק גוטן ביסן
גרייט געווען פאַרקויפן דאָס געוויסן
און מיטן טייוול שלום שליסן...

---

ניט שווער איז די מאָראַל פאַרשטיין:
גרינג איז יענעם קריטיקירן
און לערנען ווי זיך שיין צו פירן.
נאָר ווען עס קומט צו זיך אַליין
פאַרשטעלט ווערן די אויגן,
טויב די אויערן און שטום דאָס מויל:
מאָראַל, געזעץ ווערן פאַרבויגן —
און אַלץ איז דעמאָלט גוט און וואויל...

10טער אָקטאָבער, 1964

# נאַכט און טאָג

דער טאָג, וואָס האָט אַ מידער מיט דער שטאָט זיך קוים געזעגנט,
האָט גייענדיק אין וועג די אָנקומענדע נאַכט באַגעגנט.
פאַרזיכטיק, פאַרנאַכטיק, האָט זי אירע טריט געמאָסטן,
ווי ניט איילנדיק זיך, לאַנגזאַם צו איר פּאָסטן —
גרייט דעם פּלאַץ פאַרנעמען פון דעם נאַר־וואָס טאָג פאַרלאָזטן.

נאָר זייענדיק נאָך פריש און פול מיט שטערנדלעך, וואָס האָבן הימל
שפּילעווודיק געצונדן,
האָט זי דעם טאָג פאַרהאַלטן און אַ שמועס שטאָלץ מיט אים פאַרבונדן.

— איך זע, ביסט מיד; אַ קנאַפּער וואונדער:
אַז ווי אַ ציפערבלאַט אַ רונדער
אַ גאַנצן טאָג דעם מענטש צו אַרבעט נאָר געשפּאַרט!
קיין אָפּרו קיין סעקונדע!
קיין וואונדער ניט, וואָס יעדערער מיין אָנקום קוים ס׳דערוואַרט
און ציילט פון דיר די יעדע שטונדע...

— דערצו האַלטסט דו די מענטשן ווי אין צוים:
צו דער ערד געבונדן, ווי וואָרצלען פון אַ בוים —
קיין פלי, קיין שוואונג, קיין ווייטקייט פון קיין טרוים...
א י ך אָבער מאַך די וועלט פאַר זיי רחבות׳דיק און גרוים:
ס׳האָט דער ח ל ו ם ניט קיין גרענעצן און רוים...

— מאַכסט אַ טעות, האָט דער טאָג געענטפערט אויפגעלעבט, כאָטש
שטיל:
—מאַכסט מ י י ן ווערט קליין און דיינעם איבערטרייבסט צופיל.
איך דענק גאָר, אַז ס׳איז פונקט פאַרקערט...
אמת, יעדערער דיין אָנקום עס באַגערט
נאָך אַ טאָג פון שווערער מי,
נאָר דערפאַר באַנייט זיך יעדן אין דער פרי:
ביי דער בלום איר בלי,

ביי דער בין איר פלי
און ביי דער זון איר גלי;
פון שטאָל אָרוים די קי
מיט פרייד צו פעלד זיך ציען
און פייגל אין דער לופט
מיט צוויטשעריי זיך הויך צעפליען;
און דעם מענטש אַליין כ׳דערצי
צו געוואַגטקייט און צו שוואונג —
כאָטש זיין אַלט אין יאָרן, נאָר אין גייסט זיין יונג!

— פאַלש איז, אַז ס׳האַלט מי דעם מענטש אין צוים!
ס׳איז דיין חלום ווי אַ שוים —
ניט רעאַל און פוסט:
אָנשטאָט וועקן פרייד און לוסט
איז עס נאָר אַ צייט־פאַרלוסט...
מיינער אָבער ז׳פול מיט לעבן:
שאַפט פאַר צוקונפט זייד־געוועבן —
און וואָס לענגער ר׳ציט זיך אויס,
ווייטער אַלץ עס שפּאַנט דער מענטש מיט אים פאָראויס...

---

ס׳איז ניט נויטיק אייגן ווערט צו איבערטרייבן:
זיך אַליין אויף אַ פיעדעסטאַל פאַרקלייבן
און דעם צווייטן ניט צולאָזן אַפילו שטיין דערנעבן —
יעדערן זיין פּלאַץ נאַטור האָט ברייטהאַרציק געגעבן...

19טער אָקטאָבער, 1964

# דאָס גרעזל און די רויז

אַ גרעזל האָט אין האַרבסט דערזען,
ווי זי איז פון קאַליר אַראָפּ און געוואָרן געל,
איינגעקנייטשט, צעטריקנט און איינגעשרומפּן־דאַר.
— וואָס איז דאָס מיט מיר געשען? —
האָט זי געבליקט אויף זיך, ווי אין קאָשמאַר:
— געוואָרן ז'דאָך פון מיר אַ תל...
— ווײ צו מײַנע יאָרן,
וואָס ס'איז פון מיר געוואָרן! —
האָט זי געוויינט הויך פול מיט צער:
— כ'בין געווען דאָך אַזוי גרין,
פול מיט לעבן און מיט קראַפט;
ס'האָט מיין ריח און מיין זאַפט
צוגעצויגן ווערימל און בין —
און איצטער: אַזאַ פינצטערער גזר־דין!
איז דאָס דעם זומערס יושר'דיקער שכר?..

— וויין ניט, גרעזעלע, הער־אויף צו קלאָגן —
איז ניט ווייט געשטאַנען אַ פאַרטריקנט בלום:
— אויב אַזוי, וואָס האָב איך שוין וועגן זיך צו זאָגן?
נישט ווי דו, וואָס קיינער קוקט אויף דיר זיך סיי־ווי־סיי ניט אום —
איז פון מיר גערעדט האָט מען, דערמאָנט מיך אומעטום!
קיינער ניט געוואַגט האָט רופן מיך ביים אַלגעמיינעם נאָמען בלויז,
נאָר שטענדיק מיך באַקרוינט מיט מיין אייגן נאָמען: רויז!
גערטנער אין פרימאָרגן פלעגן וואַרעם מיך באַגריסן
און זאָרגפעליק פאַרנאַכט מיינע וואָרצלען פריש באַגיסן.
לידער וועגן מיר פלעגן דיכטער דעקלאַמירן
און טישן ביי די שמחות מיט מיר באַשיינען און באַצירן.
קיין שענערס ניט געווען, ווי ווען מען גראַטולירן —
מיט אַ בוקעט פון מיינע רויזן יענעם פרעזענטירן.

באַפּוצט האָט מען מיט מיר הויפן און ווערעאַנדעס —
ביים חתן אין דער לאַץ און ביי כלות די גירליאַנדעס...

— און איצט, דו זעסט, דערגאַנגען כ׳בין דערצו,
אַז פּאַרטריקנט, געל און דאַר — בין איך, פּונקט ווי דו...

— נאָר אומזיסט דאָס וויינען און דאָס קלאָגן:
יעדערער זיין גורל מוז קאָנען מוטיק טראָגן.
אַזוי, ווייזט אויס, איז אַלעמען באַשערט:
פריער וואַקסן, בליען — דערנאָך ווערן צעשטערט...

21טער יאַנואַר, 1965

# דער קראַנקער און דער טויט

צו אַ קראַנקן איז דער טויט געקומען,
ווען יענער ביים שטאַרבן האָט געהאַלטן,
פאַרן האַלז אים אָנגענומען
און ווערגן שוין געוואָלט דעם אַלטן.

— גזלן איינער, האָט דער קראַנקער יענעמס האַנט פאַרהאַלטן:
— אין אַ צייט אַזאַ גאָר האָסטו זיך פאַרנומען
מיך מיט דער וועלט צו שיידן,
ווען ס'האַלטן ביים ווערן באַלד אַנטשיידן
דערגרייכונגען אַזעלכע לאַנג־באַגערטע,
גיגאַנטישע, נאָך קיינמאָל ניט געהערטע,
וואָס וועלן דאָס לעבן איבערשטאַלטן,
וואונדער אויפדעקן אין אים באַהאַלטן,
און דיך אַליין אפשר אויף יאָרצענדליקער פון אים פאַרהאַלטן?

— אַזויפיל שטייט דער וועלט איצט פאָר —
קענסט מיין סוף ניט אָפּלייגן כאָטש אויף נאָך אַ יאָר?

— אָט די פאַרלאַנגען ניט איינמאָל שוין געהערט —
האָט דער טויט געענטפערט, פאָכנדיק זיין שווערד:
— יעדער איינער דענקט, אַז וואָס זיין דור באַגערט —
דאָס העכסטע איז, וואָס מענטשן איז באַשערט.
נאָר איך, וואָס האָב אין מענטשנס לאַנגער קייט
דורות אייביקע צו זייער רו באַגלייט,
וויים, אַז ס'בלייבט דעם מענטשס געדאַנק
קיינמאָל אויף אַן אָרט ניט שטיין,
נאָר אַז פונקט ווי ער אַליין,
האַלט העכער אַלץ צו קוקן און ווייטער אַלץ צו גיין.

און וואָס שטאַרקער אין זיין אויפטו און גרויס אין רעזולטאַט —
ווי נאָך אַן אַלט און שטאַרק געטראַנק —
ער דורשט נאָך מער און גרעסערער נאָך טאַט:
ס׳ווערט זיין אויג און גייסט ניט מאַט
און קיינמאָל זיין פאַרלאַנג ווערט מיט דערגרייכונג זאַט.
און אויך איצט ניט זיין דאָס וועט דאָס לעצטע וואָרט:
קיינמאָל וועט קיין סוף ניט קומען און וואַרטן איז פאַרשפּאָרט...

— נו, מיין פריינט, פאַרליר נישט מער קיין צייט.
לאָמיר גיין. כ׳דאַרף זיין נאָך דאָ ניט ווייט...

31טער יאַנואַר, 1965

# די זון און די לבנה

די זון, וואָס האָט פון אייביק אָן
פּאַרנומען שטאָלץ דעם אויבן־אָן
אין דעם ווייטן הימל־רוים
און געדולדעט דאָרטן קוים
די קליינע שווימענדע לבנה,
וואָס געצויבערט האָט די וועלט ביינאַכט,
ווי אַ הימלישע מאַדאָנע,
מיט איר כשוף און איר פּראַכט,
און ניט געזען אין דעם קיין יושר,
יענע זאָל איר ליכט באַנוצן
און דורך דעם אין פרעמדן קלייד זיך פּוצן, —
האָט אויסגעזוכט, ווייזט אויס, אַ שעת־הכושר
מיט איר אַ ביסל זיך צו שפּילן
און אָן קונצן געבן איר צו פילן,
אַז איר אָנזען און איר אַמט
ניט פון אייגן ווערט עס שטאַמט,
און אַז ווי פון איינעם זאָל די אויסגעפּוצטקייט זיך ניט שפּאָרן —
קאָן ער פּאָרט די וועלט אייביק דאָך ניט נאַרן.

(און מעגלעך, אויך אַנדערע געהאַט דערביי האָט זי דאָ צילן,
ווי אייפערזוכט, צום ביישפּיל, די אייגענע צו שטילן).

און אין אַ שיינער זומער־נאַכט,
ווען יענע האָט מיט ליכט געפלאָסן,
האָט זי אויפדעקן באַשלאָסן
די שלייערס, אין וועלכע יענע טוט זיך הילן,
און ווייזן פאַר דער וועלט איר „אמתדיקע" פּראַכט.

— מיליאָנען יאָר האָסטו די וועלט גענאַרט —
האָט די זון מיט איר זיך בייסנדיק גערייצט:

— האָסט מיט פרעמדן ליכט געפּלייצט
און ליב דערפאַר אומזיסטיקע געשאַרט.
באַלויכטן האָסט אַ יעדערנס געזיכט
ניט מיט אייגן שיין און ליכט,
און כלומרשט אין דער נאַכט
די וועלט פון אומרעכטן באַוואַכט.
נאָר ניט געזאָגט האָסטו דעם אמת:
פון וואַנען ס׳קומט, פאַרוואָס און וועמעס?
ביי וועמען האָסט דאָס ליכט געבאָרגט
און ווער ס׳האָט דיך מיט שיין באַזאָרגט.

— מיליאָנען יאָר האָסטו געהערט,
ווי מענטשן „הללויה׳ס" פאַר דיר זינגען,
און קיינעם מיט קיין וואָרט געשטערט
ווי פאַרן עגל, קדוש פאַר דיר שפּרינגען.
פאַרהייליקט האָט מען דיך ווי וואָלסט געווען אַ געטין,
געקניט פאַר דיר און געזונט פאַר זיך געבעטן.
פאַרטרוימטע זינגער און פּאָעטן
געצויגן האָסט צו זיך ווי אַ מאַגנעט
סיי מיט דיין ליכטיק פּנים און סיי דיין סילועט.
געליבטע אין דיין שאָטן געהאַלזט זיך און געקושט
און געשטילט דורך דעם זייער ליבע־דורשט.
און אָפט אין עקסטאַז פון לוסט
געגלויבט, אַז אין דיין טונקל שאָטן
קיין זאַך איז פאַרווערט און גאָרנישט איז פאַרבאָטן...

— און ניט אויסגעזאָגט האָסטו דערביי דעם אמת,
אַז ניט דו
גיסט־צו
דער נאַכט
איר פּראַכט,

און אַז דער בלאַסער שיין
איז גאָרניט דיינער, נאָר איז מיין —
ניט אָנגעוואונקען אַפילו מיט קיין רמז...

— נאָכמער: וועלנדיק מיט גרויסקייט שמ'ען,
געזוכט האָסטו צו ווערן הייליק;
און מיט מיר צוגלייך געזוכט אַ חלק
אין דעם אויבערשטנס כוונה:
בייטאָג — די זון; אין אָוונט — די לבנה...
אַ וואונדער, וואָס די שטערן פֿאַר באַגלייטער האָסט געלאָזט זיך נעמען...

— אָט אַזוי האָסטו מיליאָנען יאָר די וועלט גענאַרט
און פֿרעמדן לויב פֿאַר זיך מיט לאַפּעטעס געשאַרט...

— נאָר איצטער — ווײַ! אַ חרפּה און אַ שאַנד!
אויפֿגעדעקט וועט ווערן דער פֿאַרפּירטער גלויבן!
אין דעם יאָרהונדערט פֿון ראַקעטן
ווען ס'גייען־אָן געוועטן,
ווער ס'וועט פֿריער דיך דערגרייכן —
אויפֿדעקן דער מענטש וועט, אַז זיין געטין,
וואָס מאַיעסטעטיש האָט געשוועבט פֿון אויבן,
איז ניט מער גאָר, ווי אַ בערגל זאַמד —
מיט אַ גרונט דערצו אַ ווייכן,
וואָס קאָן די אויגן נאָר פֿאַרשטויבן...

— ווײַ! וואָס פֿאַר אַ חרפּה און אַ שאַנד!
וואָלקנקראַצער הויך געבויט און געבוקט זיך גאָר צו זאַמד...

— און ווען ס'וועט דער מענטש דערגרייכן נאָך צו מאַרס
און לעבן דאָרט אַנטדעקן —

אויסזען מיט דיין הערבל ווען סטו ווי אַ פּאַרם
און פון שאַנדע דאַרפן זיך פאַרשטעקן...
אַנשטאַט הימל-בלוי —
וויסטעניש און זאַמדיק-גרוי...

— נאָר ווי אַ פריינט וואָלט איך דיר ראַטן —
בעסער ווי דעם אמת צו פאַרראַטן —
ס׳איז ניט שפּעט נאָך איצט אַפילו
די שולד דערקענען און אויסבעטן פאַר זיך מחילה...

---

— איך ווייס ניט, וואָס געווען איז דיין כוונה —
האָט רואיק אָפּגעענטפערט די לבנה:
— נאָר כ׳האָב דיך אויסגעהערט געדולדיק
און אַלץ געטראַכט: אין וואָס בין איך דאָ שולדיק?
אויב דער מענטש עס האָט געמאַכט פון מיר אַ גאָט,
געטאָן האָט ער עס אויף זיין אייגענעם באַראָט:
מיט זיין אייגן ווילן געמאַכט פון מיר אַ קולט —
ניט מיין פאַרדינסט דערביי און ניט מיין שולד...
געזען אין מיר, וואָס ער אַליין עס האָט געוואָלט —
ווייל שטענדיק האָט דער מענטש
זיין גאָט אין אייגענעם געשטאַלט געמאָלט...

— נאָר סיי-ווי האָב איך ניט פאַר וואָס דעם מענטש מחילה בעטן:
פאַר מיינע זינד די כלומר׳שטע שלאָגן זיך על-חטא׳ן.
די שטילע ליכט, וואָס האָט פון מיר געפלאָסן,
האָט רואיגקייט אין זיין געמיט געגאָסן,
געפילן שענערע ווי געבראַכט צו אים פון אויבן,
וואָס האָבן פון אַלטעגלעכקייט גייסטיק אים דערהויבן.
און אויב דער ברען פון טאָג געמאַכט אים טרוקן און פּעדאַנטיש,
האָט מיין בלאַסע ליכט געוויינט אויף אים ראָמאַנטיש,

געפילן צאַרטע אין אים געמונטערט און געוועקט,
און ליבע־גליק אין אויסגוסן אין פיינע,
פון די פאַרבאָרגנסטע און טיפסטע ווינקלען זיינע
פאַר אים אַליין אַ נייע וועלט אַנטפּלעקט.
עס וועט דער מענטש אייביק מיך געדענקען:
נאָך די נעכט אַמאַליקע, ווי נאָך זיין יוגנט בענקען;
און די בריוו פאַרוואַלגערטע מיט די הייססטע ליבע־אויסגוסן
פון די נעכט אַמאַליקע — זיין וועלן עס גרוסן.

— ניין! קיינמאָל וועלן דיכטער און פּאָעטן
פון מיר ניט חוזק־מאַכן און ניט שפּעטן —
זייער באַזינגען מיך עס וועט זיי ניט פאַרדריסן;
פּונקט ווי ס׳קאָן די ליכט די נענטסטע,
עלעקטרישע און שענסטע,
מיך ביים מענטשן ניט פאַר׳מיאוס׳ן.
און נאָך איצט אַפילו,
ווען מענטש פאַרמעסט זיך צו די העכסטע הויכן,
און וועט זיכער אויך צו זיי דערגרייכן, —
נאָך איצט אין ווינקלען שטילע
וועסטו יונגע פאַרליבטע טרעפן,
וואָס וועלן אין דעם צווייטנס אָרעמס זיך פאַרשלעפן,
שעפּטשענדיק דערביי צו מיר אַ תפילה...

29טער יאַנואַר, 1965

# דער אויפברויז אויף דער פאַרם

אויף אַ ווייטער שטילער פאַרם
האָט צעטראָגן זיך אַ ליאַרם
פון די עופות און די חיות,
וואו יעדערער דורך קולות און הויעות,
און לויט דער אייגענער השגה,
געקלאַפּט האָט שרייענדיק טרעוואָגע
און צעשפּרייט די גרויסע נייעס,
אַז אַלע אויף דער פאַרם דאָ,
אין אַן אָפּגערעדטער שעה,
זאָלן טרעפן זיך ביי דער סטאָדאָלע
צו באַטראַכטן זייער דאָליע,
און דורך געמיינזאַמער אָרגאַניזאַציע
צוריקשלאָגן די גרויסע פּלאָג,
וואָס קומט אַלץ נענטער צו מיט יעדן טאָג —
און וואָס מענטשן רופן: אַטאָמאַציע.

און כאָטש געהערט האָט יעדער צו אַן אַנדער מין
און געהאַט דערצו זיין אייגן שפּראַך,
האָט קיינער ניט געדאַרפט קיין סך
צו זען פאַר זיך דעם יום־הדין
מיט זיין גרויזאַמען גזר־דין:
פאַרביטן יעדנס ראָל אויף דער פּלאַנטאַציע
דורך קינסטלעכער מאַשין־געמאַכטער אימיטאַציע.
און וואָס פון דעם וועט זיין דער סוף,
פאַרשטיין קאָן יעדערער בר־דעת:
וואו אַ בהמה, וואו אַ שאָף
בלייבן וועט — אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס...

(און געפּייניקט דאָ עם האָבן
ניט נאָר „שטאָל־און־האָבער"־אינטערעסן אָנגערירטע,

נאָר נישט וויניק טיפער איז געלעגן דאָ באַגראָבן
דער אייגן שטאָלץ און דורות-לאַנגע ווירדע).

קיין וואונדער ניט דעריבער, וואָס יעדער האָט דעם רוף פאַרנומען
און פונקט אין צייט צו דער סטאַדאָלע איז געקומען.

ניט מאַכנדיק קיין שהיות, אָן הקדמות און פּראָלאָגן,
דער ערשטער האָט אַ וואָרט געקראָגן
אויף זיינע קריוודעס זיך צו קלאָגן
אַ גאַלאַגאַנסקער האָן,
וואָס האָט פון שטענדיק אָן
פאַרנומען דאָ דעם אויבן-אָן.

— פון דורות אָן — איז ער אַרוים מיט לשון —
ווי נאָר די זון האָט אירע שטראַלן אויסגעלאָשן,
איז שוין געווען אָן איינגעשטעלטער סדר,
וואָס האָט יאָרטויזנטער געצויגן זיך כסדר,
אַז דער מענטש מיט מיר די צייט זאָל מעסטן:
מיין קריי געזאָגט האָט אים אַמבעסטן,
ווען עס איז נאָך האַלבע נאַכט
און ער קאָן פון שלאָף געניסן,
און ווען — פון אָפּרו שוין דערוואַכט —
ער קאָן די מאָרגן-זון באַגריסן.
אָפּגעשאַפט ווערט איצטער אָט דער אַלטער שטייגער —
מיין אָרט פאַרנעמט דער קלינגענדיקער זייגער —
און מיין קריי איז איצטער גאָר אַ שטער:
נישט מען דאַרף אים, נישט מען וויל אים מער...

— און איך — אַ ראַבע הינדל האָט גערעדט מיט צאָרן —
ווי, צו וואָס דערלעבט, און ווי צו מיינע יאָרן:

ס'וואָלט קיינמאָל איינפאַלן אַפּילו ניט די גרעסטע פאַנטאַזיאָרן,
אַז ס'קאָן אַ קינד ווען אָן אַ מאַמען ווערן גאָר געבאָרן.
ביז איצט געוואוסט האָט מען פון איין־איינציקן אַזאַ מין פאַל —
פון אַ פאַטערלאָזן קינד געבאָרן אין אַ שטאַל —
נאָר אָן אַ מאַמען?
היינט ווערן הינדעלעך אָן קוואָקטשען־טאַראַראַמען,
אָן וואָכן־לאַנגן אויסוואַרעמען, זיצן,
אָן מאַמעס וואַכזאַם אויג באַשיצן,
מיליאָנען גאַנצע קינסטלעך אויסגעבריט.
אַ צער צו קוקן, ווי דער טרויער אין די אויגלעך גליט!
יתומים עלנטע! — נישטאָ ווער ס'זאָל פאַר זיי זיך מיען
און צו אַ שפּעטער לעבן היגערשן דורך ביישפּיל זיי דערציען...

— און איך — אַרויס עס איז די קו
מיט אַ לאַנגן ברומענדיקן מו:
— דערוואַרט אַ צייט זיך און דערלעבט דערצו:
פאַרשוואונדן איז די מעלקערקע, דאָס שעפל,
די פוטער־„בויקע" און דאָס הילצן לעפל —
אַ פענכער אויף די אייטער בלויז
ציט פון זיי די מילך אַרויס;
און ערגעץ אין אַ וויטן קאָרידאָר
אַרבעט אַן עלעקטרישער מאָטאָר
און קעז און פוטער, אָן אַ מענטשלעך האַנט באַרירט,
קינסטלעך ווערט פון זיך אַליין גאָר פּראָדוצירט.

— און וואָס זאָל איך שוין טענה'ן, זאָגן —
געקרעכצט פאַרצווייפלט האָט דאָס פערד:
— אַז סיי איך און סיי מיין פריינט, דער וואָגן,
פאַרשווינדן ביסלעכווייז אינגאַנצן פון דער ערד;
אָפּגעשאַפט עס ווערט אינגאַנצן גאָר מיין מין

און זיין פלאַץ פאַרנעמט איצט די מאַשין.
פריי מיט איר זיך פילט דער פויער,
דאַרף קיין ריגל, דאַרף קיין טויער,
דאַרף קיין שטאַל און דאַרף קיין שטרוי,
דאַרף קיין האָבער און קיין היי,
גיט אַ רעדל נאָר אַ דריי —
און אָן אַ וויאָ: אַוועק אַזוי...
קלענער ווערט וואָס ווייטער אַלץ מיין ווערט -
ווייזט אויס, אונטערגאַנג איז מיר באַשערט...
קיינעם ניט דער טויט פאַרמיידט —
און איך זע פאָרויס די צייט,
ווען, ווי אַנדערע, עס וועט
אַ צופעליק פון מיר געפונענער סקעליעט
דעם זאַל פון אַ מוזיי באַצירן;
און ס'וועלן עלטערן די קינדער
ווי צו ווייזן זיי אַ וואונדער,
אַהינצו אין אַ יום-טוב פירן,
און לערער מיט די קלאַסן זייערע שפּאַצירן
די חיות פון אַמאָל שטודירן...

אַזוי אַראָפּגערעדט פון האַרץ
האָבן זיך די עופות און די חיות:
געזעגנט פאַר זיך אַ צוקונפט שוואַרץ
און ניט געדאַרפט פאַר דעם קיין ראַיות.
בלויז דער הונט, וואָס איז ביי דער זייט געזעסן,
און אויך דאָ זיין וועכטער-ראָליע ניט פאַרגעסן,
האָט זיך אָנגערופן, ווי מיט זיך אַליין צופרידן:
— אייער אַלעמענס שיקזאַל האָט, ווייזט אויס, מיך פאַרמיטן:
קיינער וואַגט מיין ראָליע ניט באַשטרייטן
און דערווייל נאָך ניט באַקלערט, מיט וואָס און וועמען מיך פאַרבייטן.

אַזוי לאַנג, ווי צווייען ווען שלאָגן זיך און רייסן,
און מיינע ציין שאַרף געניגג עם וועלן זיין צו בייסן,
וועלן זיי מיין דינסט נאָך אָפּשאַצן זיך פלייסן...

אַזוי, נאָך לאַנג האָט יעדערער אַרומגערעדט זיין לאַגע,
באַגלייט מיט פאָרוואורף און מיט שאַרפער קלאַגע;
נאָר וואָס צו טאָן האָט קיינער ניט געקענט באַקלערן —
ווייל קיינמאָל האָט דאָס אַלטע ניט געקאָנט דעם נייעם שטערן
און זיין אָנקום אינם לעבן מיט גאָרנישט ניט געקאָנט פאַרווערן...

5טער אַפּריל, 1965

# ערד און הימל

די ערד,
וואָס האָט פון אייביק אָן —
מיט ניט ווייניק רעכט מסתמא —
באַטראַכט זיך ווי אַ היים־געטרייע מאַמע,
וואָס נערט און שפּייזט אַלץ וואָס עס לעבט
און חיות יעדערער פון איר עס שעפּט,
און פאַרדינט דערפאַר דעם אויבן־אָן, —
האָט ניט געקענט בשום אופן באַנעמען,
פאַרוואָס זאָל אימיצער זי וועלן גאָר פאַרשעמען
און אַ גלייכן פלאַץ מיט איר — זוכן צו פאַרנעמען.
ניט געקענט האָט זי בשום אופן פאַרשטיין,
וואָס איז פּלוצלונג דאָ געשען
וואָס דער עולם האָט מיט ברען
זיך אויפן הימל גאָר אַ וואָרף געטאָן —
פּונקט ווי יענער וואָלט געוועזן
דאָס סאַמע אויבערשטע פון כריין,
אָן וועלכן ס'קאָן די וועלט זיך ניט באַגיין...

געברענט, ווייזט אויס,
עס האָט אין איר אַ שטילער צאָרן
און אַ טיף־באַהאַלטענער פאַרדראָס,
פאַרוואָס
דער הימל און קאָסמאָס
איבער נאַכט זיינען געוואָרן
אַזוי וויכטיק, צוציענד און גרויס;
און — כאָטש קיינמאָל פריער מיטן אויג ניט צו דערגרייכן —
אַראָפּגענידערט האָבן פון די הייכן
און געוואָרן זיינען צוגענגלעכער, נענטער —

פון מענטשנס וואַכזאַמקייט שיר־ניט גאַנצער צענטער.

ניט קענענדיק דעם פּאַרדראָס מערער באַהאַלטן,
האָט זי אין איין שיינעם טאָג
די שפּראַך אירע אַרויסגענומען פון די פאַלדן
און אָנגעהויבן האָט מיט זיי אַ דיאַלאָג.

— ווייזט אויס, מען דאַרף גאָר ניט קיין סך
באַרימט צו ווערן און הערן לויב־געזאַנג און שבח:
גענוג אַ שטערנדל זאָל ערגעץ זיך צעטליען,
ווי די נייס זאָל באַלד איבער דער וועלט זיך שנעל צעפליען
און דעם מענטשנס אויפמערקזאַמקייט ער זאָל צו זיך שווין ציען.
ווער נאָך, ווי איר, געוועזן זייט מענטשן פרעמד און ווייט —
דערנענטערן אייך קיינמאָל האָט ניט געקענט די צייט:
געוועזן זייט איר פון אייביק אָן
אַ פּלאַץ פאַר גייסטער און מלאָכים,
וואו אויף זיין פייערדיקן טראָן
געזעסן גאָט איז און אויסגעהערט זיך שבחים.
דער מענטש — ער האָט געווייכט פון אייך! —
צווישן ערד און הימל דורכגעפירט אַ שטריך.
באַשטימט ער האָט:
דער הימל איז פאַר גאָט,
פאַרן מענטשן איז די ערד;
אויף איר איז לעבן אים באַשערט
און נאָכן טויט — זיין גוף געהערט.
אויך איצטער לאָזט דעם מענטש צורו —
ניט זוכט מיט אים קיין ראַנדעוואו:
גענוג איז נאָך פון מ י ר פאַרבליבן
פאַרן מענטש צו פאָרשן און זיין גייסט צו איבן.

— ניט אמת, האָט דער הימל מוטיק זיך געוועדט:

כ׳האָב דעם פאַרוואורף ניט פאַרדינט און בין אים גאָרניט ווערט.
נישט אמת איז, אַז דער מענטש האָט ערשט מיך ווי אַנטדעקט
און אַ נייע לוסט צו מיר אין אים האָט פלוצלונג זיך אַנטפלעקט,
אייביק האָט דער מענטש צו מיר געשטרעבט
און חלומות וועגן מיר טיף אין הארצן האָט געוועבט.
מיינע גלאַטע רחבותן אָן-שטעגיקע
ווי פייער-בליצן אים זיין מאַרך געצונדן,
און פאַנטאַזיעס ענדלאָזע, אָן ברעגיקע
מיט דערגרייכן מיך ער האָט פאַרבונדן.
נאָך אין צייטן ביבלישע דער מענטש אַ טורעם האָט געבויט
געזוכט אַ לייטער צו מיינע הייכן, —
אָפּשטעלן דעם מענטש עס קאָן אפילו ניט דער טויט,
ווען ער וויל נאָר גרויסעס וואָס דערגרייכן.
און איצט, ווען ער האָט אַנטדעקט דעם סוד,
ווי פריי באַוועגן זיך אין מיינע רוימען —
אַנטדעקט ער האָט פאַר זיך אַ ניי יסוד,
ווי צו פאַרווירקלעכן זיינע אַלטע טרוימען.
ווער ו ו ע ט און ק אָ ן זיין ווילן צוימען?
נישט געפאַר, וואָס איז פאַר אים דערווייל נאָך דאָ,
נישט דיין אומגעהויערע מאַגנעטן-קראַפט —
זיין דראַנג פאַרלאַנגזאַמען זיי וועלן ניט קיין איינציק שעה,
און ווילן זיינער אויף אַ האָר ניט ווערן וועט פאַרשלאַפט.
ניט שטעל זיך בעסער אים אין וועג:
געבליבן זיינען בלויז געציילטע טעג,
ווי אַרויסרייסן דער מענטש וועט זיך פון זיין זאָטל פון דעם ענגן
און אַ גרוס דער וועלט וועט ברענגען
פון אומגעצוימטע ווייטקייטן — גרעניצלאָזע, פרייע,
מיט צוזאָגן פאַנטאַסטישע — ניט-געחלומטע און נייע,
וואו באַקומען וועט דער מענטש אַ גאַנץ אַנדערע שליחות;

שליסן וועט ער דאַן מיט מיר אַ נאָענטקייט, אַ סמיכות —
און אוים וועט זיין מיט דיין איינציקן, כאָטש אַלטן יחוס!

— איז בעסער נעם עס גרויסמוטיק און לייכט —
אַ נייער שטערן דעם מענטשנס וועג באַלייכט —
אויך אין כעס פאַרלירן דאַרף מען ניט דעם שכל,
טאָ באַגרים אים בעסער מיט אַ גליקוואונטש, מיט אַ שמייכל...

דעם 16טן יולי, 1965

# די בעסטע סחורה

(לויט אַ תלמודיש מעשהלע)

געשוואומען אויף אַ שיף זיינען אַמאָל
רייכע הענדלער
פון צירונג, דימענטן און טייערע בריליאַנטן.
ניט טראַכטנדיק פון ים־געפאַר צומאָל
און זיכער מיטן לאַד מיטן קוראַנטן,
האָבן זיי אָן וועלכער־עס־איז מורא
דיסקוטירט פריי זייער סחורה
און מסחר אויך געפּרואווט טאָן דאָ —
אויב ניט פּראָפיט צו מאַכן, איז כאָטש לשמה:
אַרויסוויזן און אויספּרואוון יעדערנס טאַלאַנטן,
צו זען אויף וויפל ווער עס איז דערפאַרן,
און וועמען עס איז לייכט דורך שיינע רייד צו נאַרן.

די הענדלער האָבן אויסגעפּאַקט זייערע וואַליזן
און יעדערער דעם צווייטן האָט זיין גוטס געוויזן:
רינגען, אוירינגלעך, געמאַכט פון עכטן גאָלד;
דימענטן און טייערע בראַסליעטן,
אין וועמעס ווערט זיי גרייט געווען זיך וועטן;
און האָט זיך איינעם גאַר פאַרוואָלט —
איבערראַשט האָט ער דעם צווייטן מיט סיורפּריזן.

נאָר איינער אויפן שיף אָן אויסנאָם איז געווען:
ניט געקאָכט זיך, ניט געהיצט זיך מיט אַ ברען;
אין אַ ווינקל איז ער שטיל געשטאַנען —
קיינער ניט געזען גאָר ר׳זאָל האָבן טשעמאָדאַנען;
ווי אין אַ זייט וואָלט ער זיך אָפּגערוקט
און צו דעם טומל פון דער ווייט זיך צוגעקוקט.

ניט ווילנדיק האָט ער די אויפמערקזאַמקייט צו זיך צוגעצויגן.
און ווענדנדיק צו אים פאַרוואונדערטע די אויגן

מיט הא ל ב ן נאָר רעספּעקט,
האָט מען אים געפרעגט:
— און וואו איז א י י ע ר סחורה?
נישטאָ, דאַכט זיך, פאַר וועמען דאָ צו האָבן מורא,
און ווי אַלע פּונקט קאָנט איר עס צייגן.

ווי באַקלערנדיק זיך נאָך אַ ווײַלע שווייגן,
האָט יענער שטיל זיך אָנגערופן:
— נישט אַלע מענטשן האָבן די זעלביקע באַרופן...
מ י י ן סחורה איז אַזאַ,
וואָס מען קאָן זי קיינעם ווייזן;
מען קאָן פאַר איר ניט קריגן קיין מאַטניאַ
און מען קאָן זי ניט אָרויסלייגן אויף שטעלכלעך פּונקט ווי אייער;
כאָטש מען קאָן מיט איר אין ווייטע לענדער רייזן,
מאָנט מען ניט פאַר איר קיין שטייער;
אפשר ניט ווערט פאַר אייניקע אַזאַ מין סחורה איז קיין דרייער,
גיט עס דאָך דער מענטשהייט גאָר אַ סך צושטייער.

די סוחרים האָבן אים מיט שטוינונג שטיל געהערט
און קיין איינציק וואָרט פאַרשטאַנען:
ווי קאָן עפּעס האָבן גאָר אַ ווערט,
ווען קיין פּרייז אויף דעם איז ניט פאַראַנען?
און האָט דען עמיצער געהערט גאָר ווען
פון אַזאַ מין סחורה, וואָס מען קאָן ניט זען? —
פאַר זיי איז עס געווען אַ זאַך טאַקע צום לאַכן,
איבער וואָס מען קאָן בלויז חוזק טרייבן און זיך האַרציק לוסטיק מאַכן.

---

פּאַסירט האָט שפּעטער, אַז אַ שטורעם
האָט אין ים זיך ווילד צעשטיפט
און מיט בייז-צעשוימטער גבורה
געוואָרפן ווילד זיך אויף דער שיף...

געשטויסן און געוואָרפן זי פון איין זייט אויפן צווייטן,
געהויבן און געשליידערט אין אַ וואַסער־זייל געדרייטן,
ביז עס האָט פון ווארפן זיך און דרייען
די שיף אַ ברוך געליטן און צעשפּאָלטן זיך אין צווייען.
מיטן לעבן קוים געראַטעוועט האָבן זיך די מענטשן
אויף אַ שווימענדיקן שטיקל שפּליטער;
געפילט: זיי מעגן גומל־בענטשן
פאַרן נס פון דורכמאַכן אַזאַ געוויטער
און מיטן לעבן גאַנץ אַרויס —
כאָטש מיט דער רייכקייט זייערער איז איצט געוואָרן אויס!
ווייל אין דער שרעקלעכער מהומה,
וואָס איז דערביי אַנטשטאַנען,
איז גאָר קיינעם אויפן זין געקומען
אין דעם ווערטפול גוטס זיך צו דערמאַנען.
דער גאַנצער ריזיקער פאַרמעגן
איז איצטער אויפן גרונט פון ים געלעגן,
און די סוחרים — נאַקעט, הויל,
אָן אַ ביסן ברויט אין מויל,
אַרויס זיינען פון שיף אינגאַנצן נקי
און געמוזט האָבן איצט אָנקומען צו קצבה און צו צדקה.
נאָר איינער בלויז, פון וועמען ס׳האָבן פריער אַלע שפּאַס געטריבן,
איז דער איינציקער געווען, וועמעס פאַרמעגן עס איז גאַנץ געבליבן;
צוזאַמען מיטן גאָלד און צירונג ניט געזונקען,
ווען די שיף האָט זיך צעשפּאָלטן און אין ים דערטרונקען.
ז י י ן פאַרמעגן, ניט צו מעסטן, ניט צו שאַצן —
קיין באַפּוצונג פאַר פּאַלאַצן —
און וועלכן קיינער ניט געקאָנט האָט זען —
איז אין זיין קאָפּ באַהאַלטן גאָר געווען...
און אַזוי לאַנג, ווי געלעבט האָט ער אַליין,
האָט עס ניט געקאָנט פאַרלאָרן גיין

און אין קיין שטורעם מיט קיין שיף ניט אונטערגיין.

די רייכע הענדלער האָבן איצט פאַרשטאַנען
אין וואָס יענעמס רייכקייט איז באַשטאַנען:
דער מאַן איז אַ געלערנטער געווען! —
און זיי, די קלוגינקע, האָבן עס פאַרזען...

די רייכע הענדלער פאַרשטאַנען האָבן איצט,
אַז רייכקייט איז ניט גאָלד, וואָס עמיצער באַזיצט:
עס קאָן האָבן בלויז אַ צייטווייליקן ווערט,
וואָס פון קלענסטן שטורעם ווערט עס גלייך צעשטערט.
נאָר רייך און זיכער איז בלויז יענער,
וואָס אין טיפעניש פון גייסט איז ער אַ קענער:
זיין רייכקייט ווערט קיינמאָל ניט פאַרצערט,
נאָר מיט דער צייט עס וואַקסט און ווערט פילפאַך נאָך פאַרמערט...

10טער אויגוסט, 1964

# דאָס שפּעטע בלימל

בײַם ענד פֿון זומער, פֿאַרן האַרבסט שוין סאַמע —
דורך אַ שפּיל פֿון דער נאַטור מסתּמא —
האָט אַ שפּעטע צווייגל פּלוצלונג זיך צעבליט:
צווײַ בלעטלעך בײַ די זײַטן — אַ בלימל אין דער מיט.
אַרומגעקוקט פֿאַרוואונדערט זיך אויף דער פֿאַרגרויטער פּאַנאָראַמע,
האָט עס דערפֿילט זיך מאָדנע, ווי שוין ניט קיין יונגע דאַמע,
וואָס אין טראָגן זי פֿאַרגייט:
פֿאַרוואונדערונג געמישט מיט פֿרייד...

— צו וואָס האָט די נאַטור אַ שפּאַס אַזאַ מיט מיר געמאַכט? —
האָט דאָס בלימל דעם ניט-פֿרײַלעכן פֿאַרוואָלקנטן אַרום באַטראַכט,
און טרויעריק, ווי אין אַ פֿרעמדער וועלט זיך פֿילנדיק, געטראַכט:
— יעדע זאַך אין צײַט נאָר, ווען עס פּאַסט;
אַז ניט, אַנשטאָט אַ ברכה, ווערט עס גאָר אַ לאַסט,
און עס שטרײַכט נאָך שאַרפֿער אונטער דעם קאָנטראַסט.
ס'באַקומט זיך דאַן אַ טרויעריקע שפּיל פֿון דער נאַטור,
ווי אַ שיינער פּנים מיט אַ העסלעכער פֿיגור...

און פֿאַרשליסנדיק די בלעטעלעך צום שלאָפֿן אויף דער נאַכט,
דאָס בלימל האָט צום נײַעם טאָג שוין מער גאָר ניט דערוואַכט:
עס האָט אין שווערן קאַמף זײַן ביסל קרעפֿטן אויסגעבראַכט,
און ס'האָט דער קילער טוי לײַכט אים שפּעטער אומגעבראַכט...

23טער סעפּטעמבער, 1965

# דער עושר און דער טויט

(סאַטירע)

אַ גרויסער גביר, אַ מיליאָנער,
וועמעס נאָמען פון די ערשטע האָט געגלאַנצט אין „ווער־איז־ווער?"*
איז געלעגן קראַנק אין בעט.
אויסגעדאַרט איז ער געווען ווי אַ סקעלעט;
די אויגן, ווי אַ ליכטל וועלכעס צאַנקט;
און אין ווייטקייטן פאַרטראָגן דער געדאַנק,
ווי איינער, וואָס איז גיכער דאָרטן שוין ווי דאָ,
און וועמעס סוף מען קאָן דערוואַרטן יעדע שעה.

ווען אַ מענטש, דאַכט זיך, איז אַזוי־אַ קראַנק,
איז קיין אונטערשייד ניטאָ,
צי איז ער אָרעם אָדער רייך:
שרעקלעך איז דער טויט פאַר אַלע גלייך.
נאָר אַן אונטערשייד געווען איז דאָך יע —
סיי אין צימער, סיי אין קראַנקנס נעגליזשע,
און הויפּטזעכלעך אין דער באַדינונג:
אויפּפּאַסער מכל המינים
האָבן זיך אין צענדליקער געדרייט,
אין איין רגע אויסצופילן גרייט
דירעקטיוון פון די גרעסטע פּראָפעסאָרן,
וואָס פאַרפילט האָבן אַרום די קאָרידאָרן,
און סיי טאָג, סיי נאַכט,
איבערן קראַנקנס צושטאַנד אויפמערקזאַם געוואַכט.
אויך שוועסטער באַרעמהערציקע פון אַלע זייטן בעט,
אין ערפורכטיקער שטילקייט, ווי אין קירך פאַר אַ געבעט,
אויף דעם דאָקטאָרס קלענסטן וואונק
גרייט געווען אַרויסשיקן אַ קלונג,

* רשימה פון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע מענטשן אין לאַנד.

וואָס זאָל דעם גאַנצן פּאַלאַץ שטעלן אויף די פיס —
די נאָענטסטע פון קראַנקן, די ערשטע אויף געוויס.

נאָר כאָטש געווען דער קראַנקער איז געטריי אַזוי באַוואַכט,
אַז דער קלענסטער שאָטן וואָלט באַלד אַרויסרופן פאַרדאַכט,
און אַריינדרינגען בגנבה וואָלט געקענט אַפילו ניט
פון קיין טראָפּן ליכט קיין שיין —
איז דאָך דער טויט מיט שטילע טריט,
פון קיינעם ניט באַמערקט, פאָרט צו אים אַריין.

דער קראַנקער, כאָטש פאַרטראָגן אין אַ פרעמדער וועלט,
האָט פונם טויטס אַריינקומען גלייך דערשפירט אַ בייזע קעלט.
און דערזעענדיק אים נאָענט לעבן זיך,
מיט די לעצטע כוחות האָט אַ ריס געטאָן זיך גיך,
אויפן בעט זיך אויפגעזעצט מיט האַסט
און דערשראָקן אָנגעקוקט דעם ניט־געוואונטשטן גאַסט.
אין איין סעקונדע, ווי פון אַ פלוצלונגדיקן שטורך,
איז זיין גאַנצער לעבן פאַר די אויגן אים אַדורך:
אַלע שמד־שטיק, מאַכינאַציעס, און יעדער כיטרער שפּיצל,
און ווי אַזוי פון אַלע איינשטעלונגען געוואָרן איז ער שטענדיק ניצול
און צו זיין צושטאַנד איצטיקן מזלדיק דערפירט —
אַלע קרומע טאַטן מיט גאָלדשטיקער פאַרשמירט.

און ווענדנדיק זיך מיטן זעלבן צוגאַנג צו דעם טויט,
האָט ער געפּרוּוט אים איינגעמען האַלב־גאַווהדיק און האַלב־
פאַרטרויט:
— ביסט געקומען, גלויב איך, מוזטו וויסן, ווער איך בין —
ניט קיין קבצן עפּעס, אַבי־ווער:
כ׳בין, מעגסט וויסן, פון לאַנד דער גרעסטער מיליאָנער!
גלויבסטו, ווירקלעך, אַז עס האָט פאַר מיר אַ זין
מיט אַזאַ רייכן לעבן זיך אומגעלומפּערט שיידן?
וואָלט ניט גלייכער זיין אַ „מסחר" מיט דיר שליסן,
וואָס זאָל גוט זיין פאַר אונז ביידן,

און פון וועלכן יעדערער אַ חלק זאָל געניסן?
ניט איינמאָל קאָנקורענץ אַ נעץ פאַר מיר געשפּונען
און יעדעס מאָל כ'האָב, טראַכטנדיק, אַן אויסוועג דאָך געפונען,
און פון שיער־ניט קאַטאַסטראָפעס גאַנצערהייט אַנטרונען.
און אויך איצט, ביים אונטערציִען אַלע סכומ'ען,
קענסטו זיכער זיין, אַז כ'וועל ניט זשאַלעווען קיין סומען,
אַז פון גערשאַנגל גרעסטן אַרויס זאָל איך דער זיגער:
איידער אַלץ פאַרשפּילן, איז אַ טייל בלויז — זיכער קליגער...
הער, ס'האָט קיינער ניט באַוויזן נאָך מיין רייכטום איבערציילן,
און איך בין גרייט אין צווייען זיך מיט דיר אים טיילן!
ס'איז מיין גאָלד־אימפּעריע איבער לענדער ווייט צעשפּרייט,
און אַ העלפט פון יעדער זאַך איצט געבן דיר כ'בין גרייט!
כ'האָב ווערט־פּאַפּירן, פאַר אַ שיבוש זיי אַמאָל געקויפט,
ס'איז איצט דער פּרייז אויף זיי הונדערפאַך אַרויפגעשרויפט;
קוילן־פעלדער אין קענטאָקי, פענסילווייניע —
כ'בין זיך מודה: מיט קיין מיטלען ווייט קיין ריינע —
ביי אייגנטימער קליינע
לאַנג צוריק נאָך אויסגענאַרט,
שקלאַפן טויזנטער אונטער דער ערד פאַרשפּאַרט
דעם שוואַרצן גאָלד פאַר מיר צו גראָבן —
ווער קאָן איבערציילן היינט, וויפל יונגע לעבנס דורך דער צייט דאָרטן באַגראָבן!
אין לענדער פיל צעוואַלגערט ס'ליגן מיינע קופּער־מינען,
וואו די נייעסטע מאַשינען
די אַרבעטס־הענט פאַרביטן,
און דורך גרעסערן פּראָפיט
דעם באַלעבאָס זייערן דינען.
יאָ, אַנדערע זיינען די צייטן
און אַנדערש היינט געזונגען ווערט דאָס ליד...
און וואָס איז מיט די גאָלד־גריבער און אויל־קוואַלן
און צענדליקער נאָך אַנדערע מעטאַלן,
וועלדער, טייכן, מינעראַלן —

ס׳איז געבענטשט מיט זיי די ערד,
ווען נאָר פאַרמאָגן זי ס׳איז פון גאָט באַשערט...

— און נישט נאָר דאָס:
אין יעדן לאַנד כ׳פאַרמאָג אַ שלאָס,
צי איך נוץ אים ווען, צי ניט —
ווייסט: גרויס איז מענטשנס אַפּעטיט —
און אין יעדערן אַ קעבס-ווייב פאַר אַ נויט...
מיט יעדער זאַך, מיין ליבער טויט,
מיט דיר אין צווייען טיילן זיך כ׳בין איצטער גרייט!

— נו, וואָס? ניט ווערט אפשר פאַר דיר
פאַר אַזאַ גרויסן פּרייז — מיין לעבן שענקען מיר?..

דער טויט, וואָס געשטאַנען איז די גאַנצע צייט
פונם קראַנקנס בעט ניט ווייט
און אומגעדולדיק אויסגעהערט, ווי יענער וואַרפט מיט אָנבאָטן פאַרשייט,
האָט הויך און ציניש זיך צעלאַכט:
— ביסט ניט דער איינציקער, וואָס אַזאַ פאָרשלאַג מיר געמאַכט —
טויזנט קליגערע פון דיר
נאָך פּרייזן העכערע געוואָלט זיי געבן מיר.
נאָר אומזיסט געוועזן די רייד:
ס׳איז פאַר מיר קיין אונטערשייד,
ווי גרויס, צי קליין ס׳איז עמיצנס פאַרמעגן;
נאָר מענטשן גיריקע קאָן אַזאַ זאַך בלויז רעגן
און צו מעשים מיאוסע זייער גייסט עס קאָן באַוועגן —
פאַרן טויט זיי זיינעןביידע גלייך:
צי נאַקעט-אָרעם, צי קורח-רייך!..

20טער סעפּטעמבער, 1965

# די ערד און מאַרס

(סאַטירע)

— כאַ־כאַ־כאַ, האָט זיך צעלאַכט די ערד,
ווען זי האָט צומאָל דערהערט,
אַז מענטשן קלייבן זיך צום שטערן מאַרס
שיקן באַלד אַן עקספּעדיציע.
— קאָן זיין אַ גרעסערער נאָך פאַרס?
אַ מער אויפגעבלאָזענע אַמביציע?
אַז גרייכן קאָנען זיי דערווייל נאָך ניט
פון הימל־ראַנד דעם זוים,
און גליקלעך ווען מען מאַכט אַ פּאָר געציילטע טריט
אין רוים.
(און די לבנה גרייכן בלייבט נאָך אַלץ אַ טרוים!)
און בכלל, איז אויף דער ערד שוין אַלץ אַזוי געלייזט,
אַז ס׳ווערט דער שוואונג דיינער אַזוי צערעגט און דרייסט,
אַז צו פאַנטאַזיעס ווילד־געוואַגטע דו דערטראַכטסט זיך און דערגייסט?
דאַכט זיך, אויסשטעלן מען וואָלט געקאָנט אַ גאַנצן צעטל
און אויפמישן אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל
פון מעשים ניט־דערטאָנענע,
שרייענדע און מאָנענדע,
וואָס פאָדערן אַ לייזונג באַלד.
דאַכט זיך, ס׳שרייען אומרעכטן געוואַלד
און עס שלאָגט אַרוים דער גרויל
פון יעדן מענטשן־קנויל
און יעדער איינציקער אַנשטאַלט,
וואו אין יעדן קנייטש און פאַלד
זיך אַן אומרעכט שטיל באַהאַלט,
און פון יעדן פעלזן־שפּאַלט
די חוצפּה ווי מיט בייטשן קנאַלט.
ס׳טראָגן עוולות זיך צום הימל,
בעטן רחמים אָפּווישן דעם שימל

פון דורות אָנגעקליבענע,
פון ווילד־וואַלד אוראַלטן פאַרבליבענע,
און ווי געזעצן איצטיקע אין ביכער שוואַרץ־פאַרשריבענע.
וואָס איז, צום ביישפּיל, מיט דער בעל־גאווהשער פּאָזיציע,
כלומרשט איינגעראַמט אין אַ פאַרהייליקטער טראַדיציע,
צו מעסטן מענטש מיטן קאָליר זיינעם פון הויט ?
לויט דעם אים צוטיילן זיין טעגלעך ברויט
און ווערט זיינעם צו שאַצן — פאַר לעבן, צי פאַר טויט ?
און וואָס איז מיט די אַלטע נעבעך צען געבאָט,
וואָס געגעבן זיי אַליין האָט גאָט —
צי זיינען זיי ניט איצטער דען צו חוזק און צו שפּאָט ?
דאַכט זיך, אַלט שוין אַ פּאָר טויזנט יאָר
און וויט זיי זיינען פון דער וואָר,
ווי דער לויתן צוגעזאָגטער און דער שור הבר...
ביז היינט געבליבן זיינען זיי בלויז שיינער טרוים פון פאַנטאַזיאָר...
פאַרהייליקט כלומרשט איז פון יעדערן די ביבל,
נאָר דאָס וואָרט אירס איז אָן איבל —
ווי אַ שטיין אַ שווערער אויף דעם האַלז פון צייט:
ווי ערד פון הימל האַלט זיך מענטש פון אירע לאָו׳ן וויט.
קריג און מאָרד —
אַ שטאָלצער ספּאָרט;
גזלה, רויב,
צום שוואַכן — טויב;
דער מענטש אַ שטויב,
זיין לעבן דרויב...
מען וואָלט געקאָנט דעם פאָדעם ציען נאָך און נאָך:
וואו אַ ריר — דאָרטן אַ שטאָך,
וואו אַ קלאַפּ — דאָרטן אַ בראָך,
וואו אַ רוף — איז וויי־און־אָך, —
הויל דער אינהאַלט, פּוסט דער תוך...

— וואָלט געווען ניט גלייכער פּיל
שטעלן ערשט זיך פאַר אַ ציל
אויף דער ערד דאָס לעבן צו פאַרזיסן ?
אָנשטאָט דורך ליידן אים פאַר׳מיאוס׳ן,
זאָל יעדער איינער פון אים פרייד געניסן ? —
ברידערלעכקייט הערשן זאָל צעווישן מענטשן,
מלחמות אָפּגעשאַפט ווי אַ זינד פון יאָרן,
און ס׳זאָל איעדערער דעם טאָג נאָר בענטשן,
וואָס ער איז אין אַ צייט אַזאַ געבאָרן ? —
און ווען דאָס אַלץ ער וועט דערגרייכן —
קאָן ער שטאָלץ זיין קאָפּ דאַן הויבן
צו די הימלען, צו די שטערן אויבן —
צו די סאַמע וויטסטע הויכן...

16טער אויגוסט, 1965

# גרייזן

(סאַטירע)

גרייזן... גרייזן... אייביק גרייזן...
מען דאַרף שטאַרקער זיין פון אייזן
אויסצוהאַלטן פון די זעצער...
דאַכט זיך, ווערטער כ׳שרייב ווי קלעצער,
צירקל יעדן אות —
נו, איז העלפט עס עפּעס וואָס?..
ווי אַ טאָג זאָל זיין ניט „העל",
ווערט פון אים אַ וויסטער „תל",
און אַ שטילע ווינטער־„נאַכט",
׳שטאָט אַרויסברענגען איר פּראַכט,
ווערט גאָר ציניש אויס„געלאַכט".
פון אַ מיידל ווי אַ „בלום"
ווערט גאָר פּלוצלונג מיאוס־„קרום",
און אַ שטיל און איידל „קינד"
ווערט פאַרמישט אין שווערע „זינד".
ס׳העלפט קיין רחמים, קיין געשריי,
ס׳העלפט קיין בייזערן אויף זיי —
אָט אַזוי־אָ זעען זיי
און אַזוי־אָ טוען זיי.
דמים ווערט פאַרצאַפּט דעם דיכטער,
ווען ער צאַפּלט איבער יעדן אות:
אַלץ וואָס יענער שרייבט, „פאַרריכט" ער
און רופט אַרויס נאָר טיף פאַרדראָס —
פרעגט, פאַר ווען און פרעגט, פאַר וואָס?

כ׳גלויב, נישט ווייט איז שוין די צייט,
ווען ס׳וועט ווערן וועלט באַפרייט —
צו אַלע צרות, אַלע שלעק
נעמען וועט אַ סוף, אַן עק.

נאָר איך גלויב ניט, אַז עס וועט
אַ צייט אַזאַ ווען קומען,
ווען אויסגעלייזט אויך ט׳ווערן דער פּאָעט —
זיין אייגן ליד זאָל אים באַקומען...
אָפּגעדרוקט אַ ליד זאָל ווערן
אפילו אָן איין־איינציק גרייז, —
גאָט, מיין תפילה זאָלסט דערהערן
און דעם גרויסן וואונדער ווייז!...

30טער יוני, 1964

# דער יונגער דאָקטאָר

(סאַטירע)

אַ יונגער דאָקטאָר, נאָר־וואָס זיין דיפּלאָם געקראָגן,
איז געקומען צו זיין ערשטן פּאַציענט;
יענער האָט געהאַלטן זיך אין קלאָגן,
אַז ער פילט אַ שניידעניש אין מאָגן
און פון דורשט ער ווערט פאַרברענט.
דער דאָקטאָר האָט געזוכט, געטאַפּט,
דעם דרוק געמאָסטן און אין פּלייצע אים געקלאַפּט;
געזוכט אַ וועלכן־עס־איז סימן,
וואָס זאָל געבן אים אַ מעגלעכקייט באַשטימען
אין וואָס די קראַנקהייט עס באַשטייט:
צי האָט דער חולה עפּעס ניט פאַרדייט,
אָדער ס'ברענט אים גלאַט אַזוי.
דער קראַנקער האָט דערוויל געהאַלטן אין איין קרעכצן: אוי!..
און אַ הילף אַ שנעלע זיך בעטנדיק געמאָנט.
דער יונגער דאָקטאָר, וואָס האָט וויסן ניט געקאָנט,
וואָס עס טוט ביי יענעם זיך אין בויך,
האָט געהאַלטן אים אין פרעסן,
ער זאָל אים אויסרעכענען, וואָס ער האָט געגעסן.
דער קראַנקער האָט זיך ווי עס איז דערמאָנט:
פיש געפּרעגלטע אויף אויל און אויסטערס עטלעכע נאָך אויך,
און וואורשטלעך הייסע, מיט געזייערטע סאַלאַטן —
אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס קענען ניט פאַרשאַטן...
דער דאָקטאָר איז אין אַ פאַרלעגנהייט געווען.
נאָר דאָ איז פּלוצלונג ווי אַ נס געשען:
ניט ווייט פאַר זיינע אויגן אויף דער ערד
באַמערקט האָט ער אַ כאָמוט פון אַ פערד.
(דער קראַנקער איז אַ „דזשאָנק"־פּעדלער געווען).
דער דאָקטאָר האָט זיך גלייך געכאַפּט,
אַז ער האָט די אורזאַך פון דעם חולה'ס ווייטאָגן דערטאַפּט.

און כאָטש ביז איצט ווי אַ פאַרשולדיקטער ער האָט געשוויגן,
האָט ער איצטער פּלוצלונג זיך צעשריגן:
— פערדן־פלייש געגעסן און ניט דערציילט מיר גאָר?
איצט איז אַלצדינג פאַר מיר קלאָר:
ווייטער אונטערזוכן אייך אינגאַנצן איך פאַרשפּאָר;
פאַר מיר איז זיכער ווי אַ האָר,
אַז לעבן אייך געבליבן בלויז געציילטע טעג אַ פּאָר...

— וואָס? — צעוויינט מיט ביטערקייט האָט זיך דער חולה:
— איר באַשולדיקט מיך אין עסן גאָר נבלה? —
סיידן דער דאָקטאָר איז משוגע, חסר־דעה:
כ׳וואָלט קיין פערדן־פלייש פאַרזוכט,
ווען איר צאָלט מיר צו אַ מאה...
דערצו פאַרמאָג איך ניט קיין גאָלד און הייזער;
מיין פערדל איז ביי מיר מיין ברויטגעבער און שפּייזער —
ווילט איר מיך פאַר אַ קאַניבאַל גאָר מאַכן?
ווען איך האָב ניט ווייטאָגן אַזעלכע, געגלוסט וואָלט זיך מיר לאַכן...

דער דאָקטאָר אָבער האָט צום לעצטן מאָל אַ בליק געוואָרפן אויפן
כאָמוט פון דעם פערד,
וואָס האָט געוואַלגערט זיך אויף דר׳ערד,
און פאַרלאָזנדיק דאָס הויז,
געשיינט צופרידן ווי אַ רויז
מיט דעם וויזיט זיינעם דעם ערשטן,
וואָס אַזוי געלונגען איז אַרויס...

3טער מערץ, 1965

TEXT: MOISHE STRUGATCH

GEFALN A DEMB (1965)

MUSIC: MORDECAI YARDEINI

ANDANTE, CON ANIMA

MP GE-FA—LN A DEMB, TZE-RU—DERT DEM VALD; IN TROI—ER FAR-HILT GE—VO—RN ER BALD.

MF REFRAIN GE—FA—LN A DEMB, TZE-RU—DERT DEM VALD; IN TROI—ER FAR-HILT GE—VO—RN ER BALD.

MF RIT. 1.2.3.

DI FEI—GL FAR-SHTUMT, ANI—SHVI-GN GE-ZANG; KAIN TZVI—TCHER, KAIN TREL, KAIN HOICH FUN KAIN KLANG.

MF REFRAIN GE—FA—LN A DEMB, TZE-RU—DERT DEM VALD; IN TROI—ER FAR-HILT GE—VO—RN ER BALD.

RIT. 4.3.

# GOLD A SHTIK

WORDS: MOSHE STRUGATCH
MUSIC: VLADIMIR HEIFETZ

Andantino

mp

mp ES HOT GE- TRO- FN MICH A GLIK ICH HOB GE- FU- NEN
— NECH- TN O- VNT CH'HOB MAIN SHOIB OB- GE- VISHT FUN

GOLD A SHTIK OIF MAIN FENS-TER HEIN- - GEN
TOI UN SHTOIB ZOL ES BE- SER GLAN- TZN

NIT GE- HERT UN NIT GE- ZEN: VI A- ZOI FAR-
IZ VAIST-UIS DI MOR- GN ZUN HOT ZIE SHTARK DER-

# DER YINGL BAM TAICH

דער ייִנגל בײַם טײַך

MODERATO

TEXT: MOISHE STRUGATCH — MUSIC: MORDECAI YARDEINI

טעקסט: משה שטרוגאַטש

מוז.: מרדכי ווערדעני.

MF

GE — RU-MEN A YIN-GL FRI- MOR-GNS TZUM TAICH UN RU-IK GE-ZETZT ZICH BAM BREG, — VOR-FN ZAIN VENT-KE IN VA-SER HOT GLAICH, UN VAR-TN GE-NU-MEN OIF FANG FUN GE-YEG. GE- VEN DER FRI-MOR-GN IZ VA-REM UN FRISH, DER YIN-GL IN TAICH h — KUKT ——: GE — VART TZU DER-ZEN VI FUN ER-BETZ A FISH ZAIN VENT-KE FAR-TCHE- VE-RE-ML TZURT.

MF

RIT.

andantino

# VEGN

words: M. STRUGATCH
music: Vladimir Heifetz

mf

VE-GN VOS FI-RN A-3OI-FIL FA-
OFT T3OI-BERT DER VEG MIT 3AIN GROI-3N FAR-

RAN NOR VO- HIN 3EI DER-FI - RN VEI3 MEN ER3HT DAN VEN
MEG KUKT VI3 A-3OI REI-T3ND, FAR-3HAIT NOR VEN DER 3OF VERT DER-GREICHT VERT DER-

MI-DE BA-RI- TRIT DI TRIT LET3TN 3HPAN. OFT T3IT DI NA-TUR MIT IR
T3OI-BER FAR-BLEICHT DER REIT3 DAN FAR-LIRT 3AIN BA-DAIT. OFT REIT3T DICH DER VEG MIT 3AIN

KLO-RER LA-3UR T3MOLT A-3A 3HEI-NEM PEI-3AJ3I NOR BAIM
END-LO-3N BREG GE-VAGT-KAIT E3 LIGT IN DER VAIT! NOR VEN DER-

# TRERELECH-PERELECH

# טרערעלעך - פּערעלעך

MODERATO

TEXT: MOISHE STRUGATCH MUSIC: MORDECAI YARDEINI

טעקסט: משה סטרוגאַטש

מוזיק: מרדכי יאַרדייני

MP

TRE-RE-LECH-PE-RE-LECH, LOI-TE-RE SHTE-RE-LECH, VER HOT AICH HEI-SE FAR-GO-SN? HER-TZER FAR-KLEM-TE FUN LE-BN FAR-SHEM-TE,

MF

VOS HO-BN KAIN FREID NIT GE-NO-SN. TRE-RE-LECH-PE-RE-LECH, GOL-DE-NE SHTE-RE-LECH, VER HOT AICH HEI-SE FAR-LO-RN? KIN-DER-LECH KLEI-NE, NE-SHO-ME-LECH REI-NE,

MF

VOS ZAI-NEN FAR-SHTOI-SN GE-VO-RN.

# אינהאַלט

## אין געראַנגל



## ביים זון־אונטערגאַנג

## פאַבלען און סאַטירעס



## לידער צום זינגען